



# DER JUDE

## צייטשריפט פיר אלע יודישע אינטערעסען

ערשיינט יעדע וואך ◆◆◆◆ ◆◆◆◆ פערלאג: חברת „אחיאסף".

Krakau, 17 Juli 1902. ••••••••• פיערטער יאהרגאנג. ••••••••• קראקוי, תמוז תרס״ב.

נומר 29


## אינהאלט:


א) יק״א דרוקט ארעטעניש. — גר צדק.
ב) טענות און מענות. — בעל מהשבות.
ג) יודישע שטעדט און שטעדטליך. — די ביהן.
ד) די יודישע וועלט.
ה) ספר הבהמות. (ערצעהלונג). — ש. י. אבראמאוויץ.
ו) א דראמא איבער 5 קארטאפלעס. (סקיצע). — אברהם רייזען.
ז) מעדיצינישע ידיעות.
ח) יודישע געשטאלטען אין דער וועלטליטעראטור. — י. ל. ברוכאוויץ.
ט) דאס פלעשיל. (פעלעטאן). — י. דינעזאהן.




צוזאמען מיט דיזער נומער איז ארויס די ערשטע נומר פון „דער יוד"

## צווייטע בילינע אויסגאבע

וועלכע ענטהאלט פאלגענדעס:

לייטארטיקעל: עס ברענט, (ישראלי). — פאליטישע ידיעות (די קראנקהייט פון קעניג עדוארד. דער דרייבונד. צוויי יאהר מיליטער־דינסט. קעניג אלבערט פון זאקסען. אין חינא איז נאך אלץ אונרוהיג). — קארעספאנדענציעס (קאלאניע נערשונאווקא. באברויסק. לוטשינעץ. אדעסא. ראגאטשעוו). — מעדיצינישע ידיעות, ד״ר נ. לעווין. — א דראמא איבער 4 קארטאפלעס (סקיצע) אברהם רייזען. — די יודישע וועלט (געזעצען און משפטים. חברות. בילדונג. ציוניסטישע נייעס). — הויז־ווירטשאפט. — אלערליי.

דער פרייז פון „דעם יוד צווייטע אויסגאבע"

### ❀ ❀ ❀ 2 רובעל א יאהר. ❀ ❀ ❀

☛ דער אבאנענט פון דעם „יוד" צווייטע בילינע אויסגאבע האט אויך דאס רעכט, אזוי ווי דער אבאנענט פון דער גרויסער אויסגאבע, צו אבאגירען דעם מאנאטליכען זשורנאל „די יודישע פאמיליע" פיר 1 רובעל א יאהר (מיט פארטא 1.50).

דער פרייז פון דעם „יוד" צווייטע בילינע אויסגאבע אויף א האלב יאהר פון 1 יולי אז ביז ענדע יאהר איז נישט מעהר ווי 1 רובעל. (מיט דעם זשורנאל „די יודישע פאמיליע" פון אנפאנג יאהר אן 2.50 ר׳)

אין אמעריקא איז צו אבאנירען דעם „יוד“ אין „די יודישע פאמיליע“ אויך אללע אויסגאבען אחיאסף'ס
בײ: S. Kantorowitz New-Jork 4 Rutgerstr. 4

---

**БЕРЕЗОВЫЙ КРЕМЪ**

приготовленнаго Лабораторіей А. Энглундъ.

*Средство противъ веснушекъ, желтизны, пятенъ, красноты и проч.*

*Цѣна за фаянсовую банку 1 р., съ перес. 1 руб. 50 к.*

*Завѣдующіе Лабораторіею Докторъ В. К. Панченко и А. К. Энглундъ.*

*Для предупрежденія поддѣлокъ прошу обратить особенное вниманіе на подпись А. Энглундъ красными чернилами и марку С.-Петербургской Косметической Лабораторіи, которыя имѣются на всѣхъ препаратахъ. Получать можно во всѣхъ лучшихъ аптекахъ, аптекарскихъ, косметическихъ и парфюмерныхъ складахъ Россійской Имперіи. Главныя агентства и склады фирмы для Европы: Емиль Беръ, Гамбургъ; для Южной и Сѣверной Америки: Л. Мишнеръ, Нью-Іоркъ. Главный складъ для всей Россіи А. Энглундъ. С.-Петербургъ, Бассейная улица 27.*

---

## וויכטיג פיר אלע!

### שירי הזמן אדער פאלקסליעדער.

אינהאלט:

I) די באזעלער קאנגרעססען
II) ישראל'קע אין דעך הים
III) מי, מי, מיר אירעלאך
IV) יענקעלע איז א חכם
V) דער וועלט טאנץ

פרייז 15 ק. מט פארטא 17 ק.

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען און ביים פערפאססער 552
*Ш. Х. Левинъ, Бѣлостокъ.*

ציוני'ם חברות מו"ם בעקומען ראבאט

---






קרעם קאזימי

## מעטאמארפאזא.

דאס בעסטע קאסמעטישע מיטעל געגען זומער-שפראסען, מאכט דאס געזיכט ריין און צארט.
אלס איינציגער בעוויז פון עכטקייט איזט דער אונטערשריפט:
Cazimi
אהנע דען אינטערשריפט איזט געפעלשט, ווירד אין אלע אפאטהעקען און פערפום-געשעפטען פערקויפט.
דער הויפט-פערקויף איזט אין האנדעלס-הויז

### י. ב. סגל ווילנא־אדעסא.

אין בעטראכט פון געפעלשטע „מעטאמארפאזא“ האט דער ערפינדער „קאזימי“ א נייעם ריסונעק אויף די פלאקאטען צוגעגעבען:
„די קוועלע פון שיינהייט
מעטאמארפאזא“
בעשטעטיגט פון האנדעלס- און מאנופאקט. דעפארטאמענט נו' 4683 וועלכער ווירד אין אילוסטרירטע זורנאלע פובליקירט ווערדען. 541

---

אין דער נייער

## לייה־ביבליאטהעק

פון פערלאג „פראגרעס“

איז צו בעקומען צום לעזען די בעסטע און וויכטיגסטע ביכער אין פערשיעדענע שפראכען צו מעסיגע פרייזען און ראיעלע בעהאנדלונג.
563 אדרעס:
בוכהאנדלונג י. לודסקי, נאלעווקי 38, וו. 26 2־טען הויף

## מעשענע שטעמפעל

און שטאנסען צו זיף און צו אנדערע פאבריקאטען גוט און ביליג, ביי

**А. Мокъ, Варшава**
544 Купеческая 12.

איך שיק אויך פער נאכנאהמע.

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יאהריגע מיידכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע. ניט זוימט און פרעגט אן ביי
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ,
507 Варшава.

---



גענען מערידען און פוקלעם!
אפאראט וועלכער היילט גרינדליך אהנע אפעראציע פרייז 2 ר' 50 קאפ.

**Д. МОШКОВСКІЙ**, Варшава, Мурановъ 16
**съ І-го Іюля Налевки 37.** 503

---

## שפיגעל־פאבריק

## ל. אידעלזאהן, ווארשא

ביעליאנסקא נו' 1

עמפפעהלט זיין גראססעס לאגער פאן שפיגעל, שפיגעל-גלאס, טרוימאס אין דעטאיל אונד ענגרא. 466

---

הוצאת חברת „אחיאסף“.

# על פרשת דרכים

קובץ מאמרים מאת אחד־העם

מהדורה חדשה

בשני חלקים

כולל כל המאמרים של אחד העם שבאו בדפוס עד הזמן האחרון.

### יצא לאור החלק הראשון

עם הקדמה חדשה מאת המחבר.

נדפס בברלין בדפוס משובח ועל ניר טוב.

מחירו 1,25 ר', עם פארטא 1,35.

מכורך 1,55 ר', עם פארטא 1,65.

Издательство „Ахіасафъ“, Варшава.
Verlag „Achiasaf“, Warschau.

---

## עס איז יעדען נייטהיג צו קויפען




פ־יוועלניע געמאלרען
נומר 10913

ביי דעם ערפינדער אליין, די לעצטע ניי ערפונדענע מאסיווע נאפט-גאזאווע קיך אהן א קנויט „עקאנאמיע“ מיט א פליטע „בעקוועמליכקייט“, ברענט מיט א טרוקענעם גאז קאכט געשווינד. גיט נישט ארויס קיין שום גערוך און רויך, און פערנוצט אין איין שטונדע פאר $^1/_2$ קאפ' נאפט. מען קען אויך רעגולירען דאס זידען ווי מען וויל. איך שיק ארויס פער נאכנאהמע. דער פרייז מיט אלע צודאטען מיט פארטא: 1 שטיק—3,10 ר', 2 שטיק נור 5,60 ר'; מיט 2 רעזערוואארען אויף וועלכען מען קען מאכען גלייכצייטיג 2 כלים—1 שטיק—5.25 ר'. אין די ווייטע ערטער ווערט צוגעלייגט פארטא פאר'ן געוויכט.

דער ערפינדער: Французъ, Варшава, Королевская 49j.

IV. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 29

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן — 12.– קראנען
האלביאהריג 6.– „
פירטעליאהריג 3.– „
דייטשלאנד 10.– מארק.
ארץ ישראל 12.– פראנק.
אנדערע לענדער 15.– „
אמעריקא. ענגלאנד 10.– שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

די אדרעסע פיר עסטר.-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration Der Jude,
Krakau, Gertrudy 16.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ יאהרליך 5.— רובל.
האלב יאהרליך 3.— „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „

מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „

איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.

ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство
„Axiacaфъ“, Варшава.

קראקוי, תמוז תרס"ב: נומר 29 Krakau, 17 Juli 1902.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען!

מיר ערלויבען אונז צו דערמאהנען אונזערע געעהרטע אבאנענטען וועלכע האבען איינגעצאהלט נאר די ערשטע 2 ראטען — 4 רובל, אז

דען 1 אויגוסט (נייער סטיל)

דאס הייסט מיט דער קומענדער נו' 30

ענדיגט זיך זייער אבאנעמענט, און מיר בעטען גלייך אריינצושיקען

### די דריטע ראטע — 1 רובל

כדי מיר זאלען קענען, אהן אויפהאלט, ווייטער שיקען די בלעטער כסדר.

דען 1-טען יולי, מיט דער נומר 26, האט זיך געענדיגט דאס אבאנעמענט פיר די אבאנענטען וועלכע האבען אויסגעשריבען דעם „יוד“ פון 1 יאנואר אויף א האלב יאהר און אויך פיר די וועלכע האבען איינגעצאהלט די ערשטע ראטע — 2 רובל פאר דער צייט פון 1 אפריל ביז ענדע יאהר און מיר בעטען באלד אריינצושיקען דעם רעשט געלד.

אונזערע פאראיאהריגע אבאנענטען אויף דער

### „וועלטגעשיכטע“

זענען מיר מודיע אז

### דער דריטער און פיערטער באנד

זענען שוין פערטיג פון דרוק, און אין קורצען וועלען מיר זיי פונאנדערשיקען אלע אבאנענטען

און מיר בעטען די יעניגע וועלכע האבען אריינגעשיקט אויף דער „וועלטגעשיכטע“ נור 1 רובעל, פיר וועלכע זיי האבען געקריגען די ערשטע 2 בענדער, זיי זאלען גיטינסט צושיקען דאס איבריגע פיר פארטא, 50 ק"פ.

---

מיר מאכען דערביי אויפמערקזאם אונזערע לעזער אויף די „טעכנישע ענטפערס“ וועלכע האבען אנגעהויבען קומען אין דער פאריגער נומער, און זענען מודיע אז אונזער רעדאקציע איז ווייטער בערייט אויף אלע דערארטיגע פראגעס ווי ווייט מעגליך אויספיהרליך צו ענטפערן.

די אדמיניסטראציאן „דער יוד“.

---

## יק"א דרוקט א רעטעניש.

דעם ווילקי'ער רב'ס „הפסגה“ דרוקט רעטענישען פאר שוהטים און רבנים. דער „הפלס“ פון פאלטאווער רב'ל וועט אויך מן-הסתם בריינגען רעטענישען פאר זיינע לעזער מיט די גארטלען. יק"א אבער האט נישט געווארט אויפ'ן „הפלס“, זי איז שוין ארויס מיט איהרע רעטענישען... זייט איינגער צייט דרוקט יק"א דעם חשבון, דעם בעריכט פון איהר טהעטיגקייט, און דער בעריכט איז א גרויס רעטעניש. ניט איין שוואכער מח וועט זיך צוברעכען, קלערענדיג וועגען איהם, ניט איין שטערן וועט קריגען צוליעב דעם טיפע, איביגע קנייטשען.

עס האפט אן א ציטער אין לייב. בשעת מען זעהט ווי מענשען אהן קעפ פיהרען יודישע קהל'זאכען, מישען זיך אריין ביי אלע קריזיסען פון יודישען לעבען, שיטען מיט טוידטע הענד גאלדענע מטבעות פאר קראנקע, שוואכע, ארימע יולדות, אלטע קאליקעס א. ד. ג... — שטעלט זיך פאר, אז ביי א קראנק בעט וועט זיך פלוצים בעוויזען א דאקטאר, וואס טראגט די היטיל אויפ'ן האלז, צי וועט אייך ניט אנהאפען א פחד?

אזא מין שרעק בעפאלט אונז, בשעת מיר לייענען דעם בעריכט פון דער חברה יק"א, וואס טראגט דעם צילינדער אויפ'ן האלז.

איטליכער ציוניסט ווייס, וואס איז דאס פאר איין חברה, די יק"א. זאנגוויל האט קלאר און דייטליך אויסגעשפראכען דאס, וואס די לעזער פון „יוד“ האבען שוין געקענט לעזען פאר א יאהרען אונטער דעם טיטעל: ווער איז יק"א? (נו' 9, 1901). יק"א בעזיצט מיליאנען, האט אבער ניט אין זיין פערמעגען די קלענסטע אידעע. דאס איז א חברה, וואס ארבייט אהן שום אידעאלען, וואס ווארפט זיך אויף אלע זייטען און בריינגט ניט קיין הילף צו קיין יודישער צרה. די קוראטארען פון יק"א זענען אזעלכע פיינע לייט, וואס קוקען אויפ'ן רוסישען, רומענישען יודען ווי אויף א נענער. דאס זענען די דאזיגע אסימילאטארען, וואס פעראכטען אונזערע נאציאנאלע שטרעבונגען, דאס זענען די געהויבענע יודישע שררות, וואס געבען א קאלאניסטען מעהר געלד אויף צו פערלאזען ארץ-ישראל, איידער איהם צו שאפען א מחיה אין ארץ-ישראל מיט ווייניגער געלד. דאס זענען די, וואס האבען זיך ארומגערינגעלט מיט

פערשידענע נפשות, וואס ארבייטען אהן א קאפ, כדי דאס יודישע פאלק נאך מעהר צו צושטרויען, נאך מעהר פונאנדערצוווארפען אויף דער ערדקוגעל. זייערע קאפיטאלען ליגען צושליידע־ט אין הונדערטער ערטער, אין צעהנדליגע לענדער. זייערע אונטערנעהמונגען האבען טויזענדער נעמען און זייערע שנארערס זענען אלע יודישע קהלות אויף דער וועלט.

נאר ניט אין דעם בעשטעהט דאס רעטעניש פון יק״א׳ס חשבון, ווייל איהר קענט אין איהם ניט קלוג ווערען. אויך ניט אין דעם, וואס דער בעריכט איז פערקירצט און געמאכט אזוי, אז ער זאל רעדען צו אייך שטום־לשון. אויך ניט אין דעם, וואס עס קלינגט אין איהם דער צופריעדענער טאן פון מענשען אהן קעפ... דאס גרעסטע רעטעניש איז, וואס אזעלכע נפשות שרייבען בכלל בעריכטען...

נאר איך האב ניט קיין חשק זיך צו ברעכען דעם קאפ אויף נארישע רעטענישען. זאלען דאס טהון די, וואס האפען נאך פון יק״א א ישועה אויף יודען. איך האב די האפנונג קיין מאל ניט בעזעסען. יק״א איז פאר מיר א לעבענדיגער משל פון יודישען גלות. כל־זמן יודיש געלד וועט ווערען צושליידערט אויף אלע פיער עקען פון דער וועלט, זענען מיר נאך אלין א אונגליקליך סקלאוויש פאלק, און כל־זמן יק״א וועט עקסיסטירען לויט דער פיהרונג פון רענאך׳ס עט קאמפ., זענען מיר ניט ווערט פון גלות אויסדערלייזט צו ווערען. אלס ציוניסט האב איך איין פערלאנגען מכה יק״א, און ווי נאריש עס קלינגט ניט פאר האלב־ציוניסטישע אויערען — בין איך איבערצייגט, אז דאס טיפע ציוניסטישע פערלאנגען וועט אמאל אויסגעפיהרט ווערען.

דער ציוניזם פערלאנגט, נאך מיין איבערצייגונג, אז דאס געלד פון יק״א זאל אין גאנצען איבערגעגעבען ווערען אין די הענד פון אונזערע ציוניסטישע ארגאניזאציאנען, אז יעדע קאפיקע זאל בענוצט ווערען אונז צו דערנעהערען צום ״יודענשטאט״, אז דער ציוניסטישער קאנגרעס זאל זיין דער איינציגער בעל־הבית אויף די פאנדען פון יק״א.

עס זענען דא ביי אונז מענשען און אפילו ציוניסטען, וואס טענה׳ן, אז יק״א איז דאס איינציגע אינסטרומענט, וואס פיהרט אויס אונזער געגענווארטס פראגראם. ווען ניט די פאנדען פון יק״א, וואלט דאס יודישע פאלק ניט געהאט קיין שטיצע אין איהר טעגליכער מלחמה פאר׳ן לעבען און וואלט ניט קוקענדיג אויפ׳ן ציוניזם אונטערגעגאנגען סיי פיזיש סיי גייסטיג. אבער דאס איז א גרויסער טעות. רעכענט צוזאמען אלע די טהועכצען, וואס יק״א האט אבגעטהון, צי האט עס גאר געהאט א ממשות א קעגען דעם, וואס דאס לעבען טהוט פון זיך אליין. מיליאנען יודען האבען עמיגרירט און זיך בעזעצט אין פערשידענע לענדער. יק״א האט קוים געהאלפען עטליכע טויזענד, און אלע איהרע ארבייט אין די פערשידענע שטעדט איז מעהר ניט, ווי א קליינע לאטקע אויף א גרויסען וואונד, וואס הייסט ארימקייט, נויט און גלות. ווען יק״א וואלט נאך געווען בכח צו פערגרעסערען ערגיין וואו אונזערע רעכטע, עפענען פאר אונז נייע קוואלען פון ארבייט און פערדיענסטען, דאמאלס וואלט מען נאך געקענט פיהרען א ויכוח. נייע קוואלען פון פרנסה וועט אונז יק״א קיין מאל ניט עפענען. דער וואס טרייסט זיך מיט דער ווערבעריי אין דאמבראווע לאזט זיך בכלל לייכט איינשטילען. אין דעם קאמפף אלס פרעמדע נאציאן אונטער היימישע וועלען אפילו אויסגעטרוקנט ווערען די וועניגע קוואלען, וואס מיר בעזיצען נאך. דאס גאנצע טהון פון יק״א בעשטעהט אין דעם, וואס זי העלפט עמיצען א אונגליקליכען, א פערוואגעלטען אריינצוזעצען אין א נייע דירה, פון וועלכער מען וועט איהם מיט דער צייט ווייטער פערטרייבען.

---

# פעליעטאן.

## דאס פלעשיל.

פון י. דינעזאהן.

(פארטזעצונג).

דאס אבער האט געקאנט ניר שלום יונה אליין פערגעסען, ווייל ער איז בעת מעשה שכור געווען, אבער ניט דער רב זאל לעבען וואס איז ניכטער געווען און האט גלאט אזוי איין אייזערנעם זכרון געהאט, א שנאה אויף א מענשען צו געדענקען אויף אייביג. און טאקי צוליעב דעם זכרון זיינעם האט ער זיין כעס פון שלום יונה׳ן ניט געקאנט פערגעסען, און האט עמיך דערמאנט שלום יונה׳ן צום בעזען, האט דער רב תמיד צוגעהאלפען און געשריען, אז עס איז א יושר און א מצוה אווינעם יורד לחייו צו זיין, און חוץ די מצוה איז טאקי דא דערין א אסור חמור איהם א יודיש שטיקיל ארבייט צו געבען, ווארום ער קאן חלילה ברענגען צו א מכשול פון שעטנז. ניט ווייל ער איז ניט פרום, קיין שניידער איז ניט פרימער פאר איהם; אבער קיין שניידער איז אויך ניט אזא שכור ווי ער, און שכור׳הייט קאן שלום יונה בשום אופן ניט מבחין זיין פון כשר׳ה פאדעם ביז ניט כשר׳ה!

מען דערצעהלט אפילו, אז טאקי ער אליין, דער רב הייסט עס, האט געשיקט רופען א שניידער, וועלכער האט פאר איהם אין די אויגען געמוזט צוטרענען די אלע בגדים, וואס שלום יונה האט איהם אמאל אויפגענייהט. אמת, מען האט קיין שעטנז אין זיי ניט געפונען, אבער דאס איז קיין ראיה ניט, — האט דער רב א סברה געזאגט, — עס קאן זיין, דער שכור איז גראד דענסטמאל געווען ניכטער, בעת ער האט די בגדים מיר גענייהט. א יוד איז ער דאך, קיין מומר „להכעיס" אודאי ניט... וואס טהוט מען אבער מיט זיין פלעשיל? ווער קאן איהם גלויבען, בעת ער איז שכור, רחמנא לצלן? — האט דער רב געטענה׳ט, — ווייסט ער דען וואס ער טהוט מעהר פון דעם וואס ער ווייסט וואס ער רעדט? און עס קאן זיין, — פלעגט דער רב ווייטער דערקלערען, מען זאל איהם חלילה ניט חושד זיין, אז ער רעדט עס אזוי נור פון שנאה, — עס קאן זיין, אז אין איהם זיצט א גלגול, רחמנא לצלן, פון קרח ועדתו׳ס חברה. דאס ביסיל משקה, וואס ער נעמט, וועקט אין איהם אויף די קליפה ער זאל שרייען, ער זאל בילען, און ער אליין איז גאר דערביי נישטא. די סכנה איז אויך ניט וואס ער אליין רעדט, אבער וואס דער המון הערט גראד שטענדיג זיך איין, וואס ער רעדט. קרח ועדתו זענען טאקי אין דער ערד אריין, די קליפה אבער פון זיי איז געבליבען, און זי קלעבט זיך נאך עד היום צו צו דעם המון. נאך אמאל אזא נס זי מבער צו זיין, אויסצוראטען און עוקר מן השורש זיין, ווייסט דער רבונו של עולם, צי עס וועט טרעפען... דעריבער איז מיין עצה, גאר בדרך הטבע די קליפה ארויס צוטרייבען פון איהם, און דאס קאן מען, פשוט: איהם ניט געבען א שטיקיל ארבייט, — וועט ער ניט האבען פאר וואס ברוינפען צו קויפען, וועט דער גלגול אין איהם ממילא כלה ונאבד ווערען."

פרומע יודען, בפרט פון שטאדטיגע רעדעלפיהרער, און בעלי־טובה, וואס שלום יונה א״ז א מין אנגעשיקטע בייטש געווען אויף זיי, האבען אין אנהויב דעם רב׳ס עצה געפאלגט, און האבען זיי נור ניט געהאט וואס צו געבען נייהען, האבען זיי טאקי איהם א שטאך ארבייט ניט געגעבען, קוים אבער האט ביי זיי גופא זיך געמאכט א שטיקיל שמחה, אדער פאר א יום־טוב, האבען זיי ווידער געשיקט נאך איהם, ער זאל קומען א מאס אראבנעהמען, נאר פערגעסען אלע אלטע חשבונות און אויך דעם רב׳ס אסור פון א חשש שעטנז.

יק"א האט ניט אריינגעטראגען קיין קולטורגעדאנקען אין יודענטהום. די נייע צייט מיט די אייראפעאישע אידעען האבען ארויסגעפיהרט א יודישע מאסע, וואס ווייסט ניט פון יק"א און לעבט און שטארבט אהן יק"א און איהרע מיליאנען. עס איז שוין צייט, אז דער ציוניסט זאל זיך אבזאגען פון יק"א, ווי א מענש פון א פרייען פאלק, וואס וויל ניט שפיעלען אין שנארער פאליטיק. מיט איין בעדינגונג זאל ער נעהמען ביי איהר געלד, מיט דעם תנאי צו פערווענדען די קאפיטאלען אויף אונזער נאציאנאלע בעפרייאונג.

דאס וואס אין געגענווארטס־פראגראם קען אונז נוצען, פיהרען אויס אנדערע בעוועגונגען, אנדערע אידעען אין אייראפעאישען לעבען. דער ציוניזם גלויבט ניט אין דעם דאזיגען נוצען און ווייל דאס געגענווארטס־פראגראם האט ניט קיין צוקונפט, וויל דער ציוניזם פון איהם ווייניג וואס וויסען, דער ציוניזם האט זיין פראגראם, האט זיין שעפפערישע קראפט און וויל ניט זיין קיין משרת'טע ביי דעם געגענווארטס־פראגראם. —

עס איז שוין צייט אוועקצוווארפען די רחמנות פאליטיק פון אונזערע צדקה־לייט וואס שוואכען אב דאס פאלק אין זיין פערצווייפעלטער מלחמה פאר די נאציאנאלע בעפרייאונג. מעגען די 7060 אין ארגענטיניען ניט זיין, מעגען זיי אליין אקערען, גראבען, פעדלערען און שוויצען, — מעגען זיי לעבען און אונטערגעהן, — נאר כל זמן מיר קענען זיי ניט בענוצען פאר'ן ציוניזם, אינטערעסירען זיי אונז ניט. יעדער קאלאניסט, וואס וואוהנט און ארבייט אין ארץ ישראל, איז אונז טויזענד מאל טהייערער, ווי טויזענדער יודען קאלאניסטען אין ארגענטינא. א קארעספאנדענציע פון מאזעסוויל, אז עס האט זיך געגרינדעט דארטען א ציוניסטישע חבירה, פרעהט אונז מעהר, ווי די ידיעה, אז דאס יאהר איז אוועק אהן היישרעקען מיט געראטענע פעלדער.

איך חלום פון א צייט, בשעת יק"א וועט זיך בעטען אז מען זאל ביי איהר נעהמען און מען וועט ניט נעהמען, בשעת די יודישע מאסען פון פאלק וועלען שטעלען די קלארע פאדערונג: אלע יודישע פאנדען געהערען דעם ציוניזם און זיינע ארגאניזאציאנען, יעדע קאפיקע, וואס קען פערווענדט ווערען פאר אונזער נאציאנאלע פרייהייט און ווערט אויסגעגעבען אויף אנדערע זאכען, איז גזלה פון פאלק, א גזלה וואס בלייבט ניט געשענקט, וואס וועט ניט בלייבען אהן א שטראף.

גר צדק.

---

## טַעֲנוֹת און מַעֲנוֹת.

II.

און ווידער איז געקומען צו מיר מיין אלטער בעקאנטער יונה דער ליטעראט און ווידער ער האט געהאט פולע קעשענעס מיט נייעס, א פילען לעבער מיט גאל...

די אדעסער אסיפה מכה די למודים אין די יודישע קינדערשולען האט איהם קראנק געמאכט; ער האט געלייענט די ווערטער פון מארגוליס און עס האט איהם געהויבען אין דער לופטען. נאר מעהר פאר אלין איז ער זיך מצער, וואס מארגוליס איז ניט איינער אליין, דאס ער האט זיך א אייגענעם בית־המדרש מיט איינענע תלמידים.

איך זיין אנגעלעהנט אויפ'ן זאפא מיט א פאפיראס אין מויל. אקענען מיר ווארפט זיך אין שטוהל יונה, פאכט מיט די הענד, קנייצט מיט'ן שטערן און שיעסט פייער פין די אויגען. ער טענה'ט:

— אז מען דארף דעם גנב, איז דער תרוץ געווען, נעמט מען איהם חאטש פון דער תליה אראב. אמת, ער האט חסרונות, וואס ער פערדינט צוליעב זיי מען זאל איהם איבער א יודיש שוועל ניט אריבערלאזען און דאס זענען: דאס פלעשיל, די שכ־ות און זיין בייז מויל, וואס ברענט א וועלט. נעגען דעם אבער האט ער אויך מעלות, וואס וועגען אמאל די אלע חסרונות אריבער. דעם רבונו של עולמ'ס השגחה און חסד זעהט מען טאקי פון איהם ארויס נאך מעהר ווי ערגיץ פון איין אנדערען.

א בעל־מלאכה, אפילו א בעסערען פאר איהם קאן מען אין שטאדט געפינען צעהן פאר איינעם, פלעגט איטליבער זאגען. געפינען אבער א יודישען שניידער, וואס זיין ווארט זאל זיין א ווארט, זיין „היינט" זאל זיין א היינט, און זיין „אויף שבת", „אויף יום טוב" זאל ניט זיין אזויפיעל ווי, „ווען איך וועל צייט האבען", „ווען איך וועל וועלען", א שניידער, וואס זיין שבועה אפילו זאל ניט אזא מאכט האבען ווי דער פאריאהריגער שניי, קאן מען בכל תפוצות ישראל אויספאהרען זובענדיג וועט מען ניט געפונען. האט אבער שלום יונה צוגעזאגט: „אויף שבת", איז מען זיכער, אז נאך פאר'ן „מרחק" וועט דער בגד פארטיג זיין אין שטוב אריינגעטראגען, אנגעמאסטען, צוגעפאסט, צוגעוואונשען: טראגט געזונד און צירייסט געזונד, און גע'פטר'ט איין עסק! און זאגט אליין אדרבה, וויפיעל איז אזא מעלה ווערט פאר א צוטראגענעם מסחר־יודען, א בעל־הבית, וואס דערמאנט זיך צו מאכען א בגד ערשט, ווען דער חלף, ווי עס רעדט זיך, ליגט איהם שוין אופ'ן האלז: א טאג פאר א התונה, אדער א שעה פאר ליכט בענשען?

נאך א מעלה האט שלום יונה געהאט, ער האט פון יתור ניט געהאלטען, עפים גאר נישט א שניידערשען „שלחן ערוך" האט ער געהאט. „יתור, — פלעגט ער זיך קריגען מיט זיינע אייגענע פועלים, — איז גניבה ווי אלע גנבות, און נאך ערגער: א גנב גנב'עט אויך ניט, פלעגט ער טענה'ן מיט זיי, אז מען גיט איהם די שליסעל צו דער האנד, א שניידער, וואס מאכט זיך א היתר אראבצונעמען א שטיקיל צייג, האט אפילו אזא יושר אויך ניט!"

שטאדטישע שניידער האבען איהם ניט געקאנט דאכטען דערפאר און פלעגען איהם אנרופען: „וצדקתך". זיי פלעגען נאך זאגען, אז דאס נארט ער נור לייטען, ווארום באמת איז נאך פון ששת ימי בראשית ניט געבוירען געווארען יענער שניידער, וואס קאן נור האלטען א שעער אין האנד, און האט נאך דעם טעם פון יתור ניט פערזוכט, און ווען אפילו, שלום יונה נעמט ניט, איז פון איהם גאר קיין ראיה ניט. א שכור, ווייסט פון זיינע הענד און פיס ניט, וואס מען מעג, וואס מען טאר ניט. און ווידער, אויך די אייגענע מעשה. וואס דארף אזוינער? פאר וועמען דארף ער? פאר זיינע קינדער, וואס ער האט ניט? געננוג פאר איהם זיין פלעשיל. ער האט עפים א השנה אויף מעהר?

ביי זיינע בעלי־בתים אבער און בפרט ביי די בעלי־בית'טעס, מאמעס פון קינדער, וואס איטליכם פיצעלע אבגעבראכט צייג, אויבערשלאק און אונטערשלאק קאן זיי צונוטץ קימען, האט די מעלה זיינע אלע חסרונות צוגעדעקט, און שלום יונה'ן האט קיינמאל נאך קיין ארבייט ניט געפעהלט.

איבריגענס האבען איהם פיינד געהאט, טאקי נור די רעדעלפיהרער, די שטאדט־פערזארגער, אדער גאר די רייכע, וואס זיי קומט גאר דער כבוד אומעטום, און וואס נעמען זיך אליין די ברייטע דעה אין אלץ. געוועהנליכע בעלי־בתים, וענען מיט שלום יונה'ס משוגעת'ן געוואהנט געווע און האבען אויף איהם קיין שלעכטס ניט גערעדט.

„א נייעס איז דאס, אז א שניידער נעמט אביסיל ברוינפען? — פלעגען זיי זאגען, — א שניידער'ס נשמה איז אויך קיין ראזיק ניט און האט דעמזעלבען יצר־הרע צום ביטערען טרונק, ווי דער פיינסטער בעל־הבית ווי אונזער רב, זאל לעבען, אפילו; :אר שלום יונה האט אבער אין דעם ענין פון אביסיל ברוינפען, אויך זיינע משוגעת'ן". א מעלה האט ער אפילו

—„צו הערען מארגוליס'עס רייד איז פֿאר אונז ציוניסטען ניט קיין גרויסער נחת. זיי קלינגען אונז אין די אויערען ווי א אלטע ווייבערשע בבא־מעשה, זיין כעס דערמאַנט אונז אָן די קנעכטישע פנימ'ער פֿון אונזערע אַמאָליגע געענדינטע, וואס האבען גערדרש'ט קאָסמאָפּאָליטיזם און זיך בעת מעשה געלעקט צו איוואַן איוואַנאוויץ, בעזונגען די הויכע מעלות פֿון דעם גרויסען יונגען סלאווישען פֿאָלק און געזעהען אין רוסישען פויער — די גרעסטע הַשְׁלָמָה פֿון מענשען. מיר דערמאַנען זיך אָן די, וואס זענען נעגאַנגען צו דעם גרויסען מושלם, זיך געשמאַקעוועט, קוקענדיג אויף זיינע פֿיהרונגען, געוויינט בלוטיגע טרעהרען אויף זיינע צרות, און רעדענדיג וועגען יודען איהם אַנגעפֿיהרט אלס א מוסטער פֿאר אונזער פֿאָלק. עס איז ניט וויכטיג, וואס אָט די דאָזיגע רַבִּ֒ים אונזערע האָבען זיך ניט אלע אויסגעשמד'ט, אַ סך פֿון זיי האָבען דאס אויך געטהון. און די איבריגע וואָלטען זיך אויך ניט שטארק געאַמפערט, ווען דער מושלם, דער פויער, וואָלט דאס אַליין פֿון זיי געבעטען.

— וואָס האט דאס צו טהון מיט ה. מאַרגולים? — פֿרעג איך יונה'ן.

—„דו ביסט גערעכט", — ענטפֿערט ער מיר — מאַרגולס'עס תורה איז גאָר עפיס אַ אַנדערע. ער לעבט פֿון די אַלטע שמאַטעס, מיט וואס די אמאָליגע „בערלינער" האבען אַמאל בעדעקט זייער אייגענע נאַקעטקייט. נאָר איטליכעס מאָל, ווען עס שטעהט אויף א מת פֿון קבר און הויבט אָן צו דרש'נען פֿון לעבען, דערמאָן איך מיר אין אלע זיינע חברים, אין אלע די פֿערוואָגעלטע יודישע נשמות, וואס האבען אין פֿרעמדע גערטנער געוואָלט פֿערפֿלאַנצען, און וואס האָבען געהאט א משונה־דיגע הנאה, ווען מען האָט זיי פֿון צוים ביים גאָרטען ניט אָװעקגעטריבען. ווייטער ווי ביז צום צוים זענען זיי קיין מאָל ניט דערגאַנגען.

אפילו די שפּראַכע פֿון פֿאָלק, אין וועלכער זיי לעבען, האָבען זיי ניט געקענט אויפֿנעהמען אין זיך. נעם נור אַריין אין האַנד אַ אלטע „יודישע ביבליאָטהעק", אַ „וואסחאד" אָדער איין אַנדער יודישעס בוך אין דער רוסישער שפּראַך און מען זעהט באַלד איין ווי עס איז בעשאַפֿען געוואָרען אַ בערדיטשעווער רוס, וואָס שפּיגעלט אָב מעהר דעם גייסט פֿון אַ מאַרגולים, קולישער, איבערהויפּט דעם גייסט פֿון רוסישען גלות־יודען, ווי דעם גייסט פֿון גאגאל, טורגעניעוו, דאסטאיעווסקי און טאלסטאי. זיי זענען שטעהען געבליעבען ביים צוים אפילו אין אַזא „קליינינקייט" (?) ווי אין דער שפּראַכען־פֿראַגע.

— „דאָס זענען די אַלע קלויזניקעס, באַנקקוועטשער" — טענה'ט יונה ווייטער, — „וואָס האָבען אַ אויסגעטרוקענט האַרץ, וואָס האָבען קיין אויג פֿאַר די פֿיינע חלוקים אין ליניען און פֿאַרבען, קיין אויער פֿאָר די מוזיקאָלישע קלענגען פֿון אַ שפּראַך. ביי זיי איז די שפּראַכען־פֿראַגע דאָס אייגענע, וואָס ביים רב אין ברוידעס'עס „הדת־והחיים" דאָס וואָרט „ליעבע". ווי קען מען ליעב האָבען, אַ בחור, אַ מיידעל, אַ מענשען? איך פֿערשטעה, זאָגט ער, מען האָט ליעב פֿאַרפֿעל, לאָקשען, אַ צימעס, אָבער „ליעבען אַ מענשען, זיך ליעב האָבען", דאָס בענעהמט ניט מיין שכל. דער שכל פֿון די אַמאָליגע באַנק־קוועטשערס מיט פֿערשטאָפּטע חושים און אַ אָפּגענעם חריפ'עשען קעפּיל בענעמט ניט דעם חלוק צווישען אַ נאַציאָנאַל שפּראַך און אַ דערלערנטע. זיי זעהען אַליין ניט ווי זיי קאַלעצענען מורא'דיג די רוסישע שפּראַך און קענען ניט בעגרייפֿען דעם עקעל פֿון אַ אחד־העם און אַ דובנאָוו צו אַזעלכע קאַליקעס רחמנא־ליצלן. ווען מאַרגולים וואָלט געווען אַ קייזער אויף דער וועלט, וואָלט ער שוין לאַנג איינגעפֿיהרט אַ וועלטשפּראַך, אַ „עספּעראנטאָ" אָדער אַ „וואָלאַפּיק"; אַלע מענשען וואָלטען געגאַנגען אויף איין שניט, אַלע בוימער וואָלטען נור

---

וואָס ער איז ניט אַזוי לאָט נאָך דעם, און טרינקט נור איינענע, אבגילטען מעג מען איהם, ער זאָל זיך צוריהרען צו א פֿרעמדען קאָפּ. געהט ער אויף א חתונה, אַ ברית, אפילו אויף א חברה'שע סעודה האָט ער זיין אייגען פֿלעשיל און טרינקט איינענע, נעמט אין מויל ניט אַריין א פֿרעמד ביסען. אומעטום איז ער אַ סאַרוער. זיצען ביים טיש מיט לייטען גלייך, האָט איהם נאָך קיינער ניט געזעהן. דערפֿאַר האָט ער זיין שגעון, וואָס ער שרייט אַלץ: שֶׁלִי — שֶׁלִי, שֶׁלָךְ — שֶׁלָךְ! איך טשעפּע דיין ברוינפֿען ניט, טשעפּע דו אויך מיין ברוינפֿען ניט! אויסציהען זיך מעג מען, ער זאָל געבען אביסיל פֿון זיין פֿלעשיל, שטאַרבען קאָן מען פֿאַר זיינע אויגען, און ער וועט צו זיין פֿלעשיל זיך ניט לאָזען צוריהרען אפילו. איז א חדוש, אַז פֿאַר אַזא שגעון האָט מען איהם א נאָמען געגעבען: שלום יונה פֿלעשיל? און ער האָט נוט געוואוסט, אַז מען רופֿט איהם אין שטאָדט: „שלום יונה פֿלעשיל" עס פֿלעגט טרעפֿען, אַז קליינע קינדער אפילו פֿלעגען איהם נאָכלויפֿען אין נאָס שרייענדיג: שלום יונה פֿלעשיל! אָבער ווי עס ווייזט אויס איז דער נאָמען איהם דוקא געפֿעלען געוואָרען.

— לעבען זאָל שלום יונה, לעבען זאָל דאָס פֿלעשיל! פֿלעגט ער ענטפֿערן דערויף; מה אני ומה חיי? וואָס בין איך אָהן מיין פֿלעשיל? אַ שניידער, אַ פֿאַלגע, אַ שטומע צונג, אַ געפּגר'ט בעשעפֿניש! אָבער דאָס פֿלעשיל האָט פֿייער, דאָס ביסיל ברוינפֿען אין איהם איז מְחַיֵּר נְשָׁמוֹת לִפְגָרִים מֵתִים: זעצט אַריין א נשמה אין אַנגע'פּגר'טען שניידער'ס גוף! פֿערשטעהט איהר וואָס שלום יונה'ס פֿלעשיל איז? און ער האָט אמת געזאָגט, ווארום איז ער נור ניכטער געווען, האָט מען קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס ער איז, צי פֿליישיג, צי מילכיג, צי איז ער נוס, צי שלעכט, עפּיס אַ „לאָז מיך געמאַך" נפש. האָט ער אָבער אַ זופּ געטהון, האָט מען נאָך אַזא מזל־טוב ניט געזעהן. האָט ווער אין אַזא מינוט פֿאַר איהם אַ קרומע מינע געמאַכט, האָט ער די נשמה געקאָנט אַוועקגעבען. א גיטען ברודער צו־

העלפֿע, איז איהם קיין זאַך ניט צו טהייער געווען. בעט יעגער געלד — און האָט שלום יונה נור בעת מעשה, ניט ער געלד, אַז ניט — איז רעכט געווען חאָטש פֿון זיין אייגען לייב זיין העמד אראבציהען און אַוועקגעבען דעם אַנדערען.

דאָס ווייב ויינס, פֿלעגט מסתמא ביי אַזא געלעגענהייט, אַ גוואַלד מאַכען, שרייען, אַז ער ווייסט ניט, וואָס מיט איהם טהוט זיך, אין די הייזער וו.ט זי צוליעב זיין פֿלעשיל מוזען געהן, צו בעטעלברויט וועט זי מוזען אָנקומען, זאָל די שעה ניט זיין, נאָר שלום יונה פֿלעגט זי בערוהיגען:

— יודענע, לאַנגע האָהר און קורצער שכל! וואָס שרייסט דו? ניט דיר וועט פֿעהלען אין דיין טעפּיל, ניט מיר — אין מיין פֿלעשיל! וואָלט גאָט ברוך הוּא ניט אַזוי געוואָלט, וואָלט איך ניט געוועזען וואָס איך בין, פֿערשטעהסט דו, יורענע?

— וואָס ביסט דו דען? — פֿרעגט זי איבער מיט כעס.

— איך בין שלום יונה פֿלעשיל, און געה לאָר מיך צום ונתנה תוקף!

לייט האָבען זיין שוואַכקייט געוואוסט און אויף פֿערשידענע אופֿנים אויסגענוצט. איז ווער קראַנק געוועזען, און מען האָט בעדאַרפֿט עמיץ זאָל נעבען חולה אַ נאַכט וואַכען, איז מען געקומען צו איהם. געבעטען, דערצעהלט דאָס עלענד, און אַז מען האָט געזעהן, שלום יונה ריהרט זיך פֿון אָרט ניט, האָט מען איהם דערמאַנט וועגען זיין פֿלעשיל.

— נעהמען אַ קאָפּ, שאַדט ניט. — פֿלעגט ער דאַן זאָגען, — אַ זופּ פֿון פֿלעשיל איז קיין עֲבֵירָה ניט און קיין עַוְלָה אויך ניט, סיי ווי ווילט זיך אביסיל ברוינפֿען, אָבער געהן וועל איך ניט! קיין צייט נישטאַ, קיין כח אוּדאַי ניט!

נאָר קוים האָט ער דעם קאָפּ גענומען, איז ער באַלד איין אַנדערער געוואָרען, און ווער פֿרעגט שוין וועגען צייט און כח? שלום יונה זיצט שוין

בעשטאַנען פֿון שֹכך אין אַלע בלומען וואַלטען נור געהאַט איין קאָליער, דעם גרויען קאָליער, וואָס זיין אויג בענעמט אָהן מאַטערניש.

איך ווער שוין אַ ביסיל אויפֿגערעגט און וואַרף אַוועק דעם פּאַפּיראָס און פערהאַפּ יונה'ן אין די רייד:

— דו זאָגסט אַליין, אַז די מאַרגולים'עס זענען אָבגעשלאָגענע הושענה'ס. קיינער פֿרענט זיי ניט וואָס זיי מאַכען, קיינער הערט זיך ניט איין צו זייערע אַלע בבא־מעשות... און וואָס רייסט ד ו זיך די קאַפּאָטע? וואָס אַרט עס דיר, וואָס אַ צופּעלינער בעל־הבית איבער די אָדעסער שולען האָט זיך בענוצט מיט זיין בעל־הבתי'שען כח און אַרויסגעוויזען זיינע לומדות פֿון אָבגעשטאָרבענע צייטען?

און יונה צוהיצט זיך נאָך מעהר און טענה'ט:

— ניט מאַרגולים, נאָר זיין בית המדרש, מאַכט פֿול מיין לעבער מיט גאַל! צי האָסט דו געהערט די רייד פֿון ה. סאַקער, צי האָסט דו געלעזען דעם "אָפֿענעם בריעף" אין "וואָסחאָד" פֿון ברוצקוס? איך קען זיי ביידען. זיי זענען נאָך יונג, ביידע האָבען געשטודירט, און איינער האָט יאָהרען לאַנג פֿערבראַכט אין די אויסלענדישע אוניווערזיטעטען, און עס פֿערדריסט מיר, ווי טיעף איינגעוואָרצעלט איז ביי אונז די לעבענס־בעגריפֿען פֿון גלות, ווען אויך די יונגערע האָבען זיך ניט געקענט בעפֿרייען פֿון זיי. גלויב מיר, אין ערגיץ ביי די געלעהרטע און געבילדעטע האָבען זיי ניט געהערט די חכמה'דיגע רייד פֿון אַ ברוצקוס, אַז ביי דער ערציהונג איז ניט די פֿאָרמע די הויפּטזאַכע, דער עיקר איז דער אינהאַלט, "די יודישע קינדער, זאָגט ה' ברוצקוס, דאַרפֿען פֿיעל העברעאיש נישט לערנען. לייענט די יודישע ספרים מיט די קינדער אין איבערזעצונגען, און די ווירקונג וועט זיין די אייגענע, ווי זיי וואָלטען עס געלערנט אין העברעאיש". דער עהרליכער ה' ברוצקוס פֿערשטעהט נעביך ניט דאָס, וואָס עס ווייסט היינט אַ וויעגקינד, אַז פֿאָרם און אינהאַלט קען מען ניט אָבלייזען, אַז מיר דערטאַפּען דעם אינהאַלט נור דורך די פֿאָרם זיינע, אַז אַ ספר אין דער איבערזעצונג, ד. ה. אין אַ נייער פֿאָרם, פֿערליערט אַ גרויסען טהייל פֿון זיין אינהאַלט, אַז אַ איבערזעצונג האָט נור דאַמאָלס אַ ווערטה, ווען מען איבערזעצט פֿון אַ פֿרעמדע שפּראַכע אין אַ אייגענע, ניט קאַפּויער, — זאָלען נעהן ה' ברוצקוס און ה' סאַקער קלייבען חתימות אין דער גאַנצער וועלט, הסכמות אויף זייערע ווילדע גערדאַנקען און איך בין זיכער אַז דער איינציגער וואָס וועט זיך מרחם זיין אויף זיי, וועט מן הסתם זיין אַלץ דער אייגענער מאַרגולים. וואָס זאָג איך מרחם זיין! ער וועט ווילד הנאה האָבען, וואָס זיינע תלמידים זענען ווייטער געקומען צו איהם קריגען הסכמות אויף דאָס אויף וואָס קיין מענש איז נישט מסכים; ער וועט אַרויס אַ ווײלע פֿון זיין איינזאַמקייט, דען זיינע טרייע תלמידים, אפשר די איינציגע אין אָדעסאַ, זענען ווייטער געקומען בעשענען זיינע אַלטע יאָהרען..

יונה איז געוואָרען שטיל; אַ אומעט איז אַרויף אויף זיין בעוועגט פּנים, זיין קאָפּ איז אַראָבגעפֿאַלען אויפֿ'ן ברוסט.

נאָר פּלוצים איז ער אויפֿגעשפּרונגען פֿון שטוהל, אין זיינע אויגען האָט זיך בעוויזען אַ פֿרעהליכקייט און מיר אַ קלאַפּ געבענדיג אויפֿ'ן פּלייצע האָט ער זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

מאַרגולים, ברוצקוס, סאַקער... איידער אַ גלעט פֿון אַ פֿרעמדען שרה, שוין בעסער יודישע שמיץ, מיט אונזערע אייגענע פּריצים וועלען מיר שוין פֿאַרטיג ווערען.

בעל מחשבות.

---

## יודישע שטערט און שטערטליך.

קענט איהר די פּוך־בלומליך?

אויפֿ'ן אויג גאַנץ שענע, פֿיינע בלומליך; קיילעבדיגע, קינסטליך געשניצטע קעפּליך... נאָר, אַז איהר נעמט אַזאַ בלימיל אין דער

---

נעבען חולה, טראָגט אַריין און טראָגט אַרויס אַלץ וואָס מען בּרויך, קיין זאַך איז איהם ניט מאוס, קיין זאַך — ניט צו שווער.

אין שטאָדט האָט געוואָהנט איין בעריהמטער אַקושער־דאָקטאָר, וואָס פּלעגט צו אַ יולדת ניט פֿאָהרען אונטער צעהן רובעל פֿאַר אַ וויזיט. נאָך האַלבער נאַכט, האָט ניר אַ גרויסער גביר געקאָנט איהם צו אַ געווינערין אַראָבברענגען, — אַזאַ יחסן איז ער ביי זיך געוועזען. וואָס טהוט אָבער אַ יוד איין אָרימאַן, ווען זיין ווייב, אָדער זיין טאָכטער געהט נעביך שווער צו קינד, און דוקא נאָך האַלבער נאַכט? פֿון די טרעפּ, האָט אַזוינער אַ האַרץ אַראָבצווואַרפֿען, און נעה טהו איהם עפּיס. איז דאָ אָבער צו אַזאַ מכה אויך אַ רפואה, מען וועקט אויף שלום יונה'ן האַלבע נאַכט. נאָר נישט, דאַכט זיך, מען זאָגט איהם נור: שלום יונה, ווי שלאָפֿט עס אַ יוד אַ גאַנצע נאַכט אָהן אַביסיל ברוינפֿען? מען איז געקומען אייך דערמאָנען, אַז עס איז צייט צו נעמען אַ קאָפּ!

— לעבען זאָלט איהר, — ענטפֿערט שלום יונה אויסרייבענדיג די פֿערשלאָפֿענע אויגען, זוכט ניט ווייט, טאַקי דאָ ביי איהם אונטער'ן קישען ליגט דאָס פֿלעשיל און חלילה נישט אַלעדי'נס. ער האָט קיין צייט ניט אפילו אויפֿשטעהן אויף די פֿיס, געהן אין קיך אַריין אָבגיסען נעגעלוואַסער, ניט נור אַרייב כלומר'שט די הענד אָן וואַנד, ציהט די פּראָבקע אַרויס, "לחיים" — און שוין פֿאַרטיג; פֿריש, לעבעדיג חאָטש שיקט איהם אין פֿייער און אין וואַסער, אויפֿקלאַפּען אין אַפּטהייק, איז אין אַפּטהייק, צום דאָקטאָר, געהט ער צום דאָקטאָר, אפילו צום אַקושער דעם יחסן געהט ער, און האָט גאָר קיין מורא, ניט פֿאַר זיין גרויסען שוואַרצען כלב אויפֿ'ן הויף, ניט פֿאַר זיין לאַקיי מיט די גרויסע וואָנסעס ביי דער טיהר. ווי אַ בייזען שילינגער, קענען איהם שוין דער לאַקיי מיט דעם אַקושער אַליין. זיי ווייסען שוין, אַז דאָ וועט ניט העלפֿען פֿון די טרעפּ אַראָבוואַרפֿען. שלום יונה טהוט נאָך אַ זופּ און איז שוין ווידער אויבען און קלאַפּט אין טיהר ווידער נאָך מיט מעהר העזה און מיט מעהר גבורה. עס העלפֿט דעם אַקושער קיין תירוץ ניט. ער מעג זיין קראַנק אפילו, קאָן אָט דאָס קליין יודיל, מיט דעם כח פֿון ביסיל ברוינפֿע, איהם פֿון זיין בעט אַרויסנעמען און אַוועקפֿיהרען צו דער יולדת. — אַזאַ כח שטעקט שוין אין איהם.

און ניט דערצו אַליין טויג ער, זיין משמח זיין חתן כלה, אָרימע מחותנים און אָרימע געסט אויף איין אָרימער חתונה איז גאָר ניט איבער צו דערצעהלען. טהוט ער אַ זופּ פֿון פֿלעשיל, שיטען זיך פֿון איהם ווי פֿון אַ זאַק גלייכווערטליך, גראַמען, אַז דער בעסטער מאַרשאַליק קאָן זיך נענען איהם בעהאַלטען.

— פערל שיט זיך פֿון זיין מויל, — זאָגען דאָן די אָרימע לייט, — באַלואַס, אמת'ר באַלואַס מוז זיין אין זיין פֿלעשיל! טאַקי לעבען זאָל שלום יונה און לעבען זאָל זיין פֿלעשיל!

מעג די חתונה מיט דער חופּה וועטשערע ביז גרויסען טאָג זיך ציהען, ריהרט זיך שלום יונה ניט צו צו אַ פֿרעמד ביסיל ברוינפֿען, אפילו טאָרט און לעקיך ברענגט ער פֿון דער היים מיט זיך, און פֿערזוכט אַ האָהר נישט פֿון דער חופּה וועטשערע, און ער האָט טאַקי קיין צייט אויך ניט דערצו. מען מוז געסט בעדיענען, משמח זיין. געזונד, זעהט מען, קומט איהם דערפֿון צו. אַזאַ טבע האָט ער, און עס פֿערשאַדט איהם גאָר קיינמאָל ניט.

און ווי דאָס לעבען האָבען איהם ליעב די אָרימע און נעמיינע לייט אין שטאָדט. אַ זאַק באָרשטש וועלען זיי פֿאַר איהם ניט נעמען און ניט דערלאָזען, עס זאָל איהם חלילה דורך וועמען אַ האָהר געקרומט ווערען.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט, שכור'הייט איז ער אָנגעפֿאַלען אויף דעם בעל טאַקסע, וואָס האָט זיך נאָר פֿון העלערהויט מוסיף געווען אַ האַלב

האנד אריין, מוזט איהר איינהאלטען דעם אטהעם; פון קלענסטען בלאז צופליהט זיך דאס קעפּיל אין דער לופט און ביי אייך אין דער האנד בלייבט א גראה־שטרויען שטענגעלע.

מענער רופען די בלומליך: „פרויען־טרייע“, די ווייבער רופען זיי „מענער־טרייע“. מן הסתם זענען ביידע צדדים גערעכט, און דאך האב איך פאר די בלומליך א בעסערן נאמען, אייגענטליך דריי נעמען: יודישע חברות, יודישע צדקה, יודישע מעשים טובים... קלויבט אייך אויס, וועלכען איהר ווילט!

דאס מוזען אלע מודה זיין, אז די שטארקסטע יודישע בעוועגונג איז די ציוניסטישע, און פון שטעדט און שטעדטליך שרייבט מען:

„עס איז געקומען דער „מטיף“ הלא הוא...... און מיט זיינע פייערדיגע רייד האט ער דערווארימט די קאלטע הערצער פון אונזער שטעדטיל... מענער אין דער מענער־שוהל האבען געקרעכצט מיט א צובראכען הארץ, און דאס געוויין פון דער ווייבערשער שוהל האט זיך געגאסען ווי א וואסער... דאס איז געוועזען שבת. באלד שבת־צו־נאכט האט מען געמאכט איין אסיפה, מען האט געגרינדעט א חברה „בני־ציון“, „שערי ציון“, „אהבת ציון“ אדער גלאט אזוי „ציון“! געפאלען זענען 13 שקלים, פערקויפט און גענומען האנד־געלד אויף גאנצע דריי אקציען — זונטאג אין דער פריה איז דער „מטיף“ ארויסגעפאהרען; מען האט איהם בעלייט ביז א האלבע מייל אונטער דער שטאדט, מען איז צוריק געקומען, און מאנטאג איז שוין דאס שטעדטיל צוריק איינגעשלאפען.

און עס וועט שלאפען, ביז עס וועט קומען א נייער מטיף!

מען שרייבט אויפ'ן זאמד, אויפ'ן וואסער...

---

אפט איז איין אלטע שטאדט. איין אלט־רבי'ישע פרומע שטאדט. נסים פלעגען זיך דארט וואלגערן אין די גאסען, די גאסט־הייזער פלעגען פול זיין מיט אויסגעהיילטע און האלב־אויסגעהיילטע משוגעים, און דאס קול פון די אפטער לומדים פלעגט לעכערן פריהער דאס דאך פון גרויסען בית־המדרש און דערנאך ערשט אלע זיבען הימלען; התלהבות איז געוועזען — אין לשער!

מיט דער צייט איז עפּיס קאלט געווארען אין אפט, עס האבען זיך געוויזען בעהאלטענע און אביסיל אפענע משכילים, און עמיץ האט אויסגעזאגט א סוד, אז די מלמדים האלטען נישט פון „דינא דמלכותא“ און האבען קיין רוסישע לעה־ער נישט אין די חדרים. עס איז אנגעקומען צום אינספעקטאר און ער האט געלאזט אנזאגען מיט דער גראבער פען די מלמדים, אז, אויב זיי וועלען נישט צונעהמען קיין לעהרער אויף רוסיש, וועט ער זיי אלע די חדרים פערמאכען... די מלמדים זענען געלאפען מיט א געשריי צו קהל, מיט א 20 צו 30 יאהר צוריק, וואלט קהל געלאפען מיט א געשריי צום רבי'ן, דער רבי וואלט גוזר תענית געווען, מעשים געטהון, ביז ער וואלט נישט מבטל געווען די גזרה... היינט האבען די בעלי בתים פשוט איין אסיפה געמאכט, א בעל־בתישע אסיפה. עס זענען זיך צוזאמען געקומען די אלטע קארפען־קעפ, זיי האבען פערקנייטשט די אלטע שטערן, געקייט די לאנגע גראהע בערד אין מויל און מען האט געקלערט און געקלערט, ביז מען האט אבגעקלערט און בעשלאסען אז —

1) היות די גזרה איז, ווי עס זעהט אויס, נישט צום בטל ווערען, דאס מלכות וויל טאקי באמת, אפטער יודישע קינדער זאלען לערנען רוסיש, — און מן הסתם האט זי עפּיס א טעם דערינען! און פאלגען דאס מלכות מוז מען, ווארום אז נישט, וועט מען אפשר טאקי פערמאכען די חדרים, און פון די מלמדים מאכען א תל!

2) היות אבער פון צווייטען צד — קען מען אין די חדרים קיין רוסיש נישט לערנען, ווייל רוסיש לערנט מען נישט בעל פה, און אויפ'ן

---

קערביל אויף איטליכען פוד כשר פלייש. באשר עס איז פאסט ביי ווי, האט ער געזאגט, מילא בכן דארפען יודען ליידען. פערשטעהט זיך, ווען דער בעל טאקסע איז מוסיף די קצבים א האלב קערביל אויפ'ן פוד, זענען די קצבים מוסיף די בעלי־בתים צו צוויי קאפיקעס אויפ'ן פונט. און וואלטען זיי חאטש געגעבען פלייש און א ריכטיגע וואג, דאס לאזען זיי פאר די גרויסע, פאר די מיוחסים, ביי וועמען זיי בעקומען א קערביל אויף פראצענט; פאר ארימע לייט אבער בלייבט נור פאדלע און ביינער. מען ברייננט אהיים פון דער יאטקע, און עס טהוט א ריס אין הארצען קוקענדיג, פאר וואס מען צאהלט דא נאך מיט צוויי קאפיקעס טהייערער ווי אלע מאל.

א פנים, שלום יונה'ן האט עס אויך ניט געמוזט שמעקען, ווארום אזוי נאכ'ן האט ער דעם בעל־טאקסע אוועקגעגעבען, אז יענער האט שוין דאס מאל ניט געקאנט פערשווייגען, און האט דערלאנגט אויף איהם צום מיראוואי פאר זידלעריי און סקאנדאל אין מיטען מארק. מען האט שלום יונה'ן ארויסגערופען אין סוד אריין, האבען זיך אבער געפונען אפשר הונדערט ניט געבעטענע עדות פון „עמך“ ווי די מיוחסים רופען זיי, און האבען אויסדערצעהלט דעם מיראוואי די גאנצע געשיכטע פון אלף ביז תיו, און דערביי אזוי בעגראבען דעם בעל־טאקסע צעהן איילען אין דער ערד, אז ער איז געוואָרן געווען, אז דער גאנצער משפט האט זיך מיט גאר נישט אויסגעלאזען, און געדאנקט נאט וואס „עמך“ האט איהם געלאזט א לעבעדיגען, נור מיט א לאנגער נאז אהיים געהן. אבער דער סוף איז אך שענער געוועזען, אויף מארגען האט פאליציי געמאכט א פראטאקאל אויף דעם בעל־טאקסע, און דער איינענער מיראוואי האט איהם א פסק ארויסגעגעבען: ער זאל אומקעהרען די קצבים די איבריגע האלבע רובעל'ס; עס האט איהם, זאגט מען, די געשיכטע הונדערטער גאנצע אבגעקאסט. אמת, די קצבים האבען די געמיינע לייט א פיינ ארויסגעשטעלט און קיינעם פון זיי א קאפיקע ניט אומגעקעהרט, אבער איין אנלערנעכטס פאר דעם בעל־טאקסע איז דאס געבליבען אויף דור־דורות. פון איהם האבען זיך אנדערע א מוסר אראבגענומען, און איצט ווען שלום יונה בעצאהלט זיי אמאל, ווי זיי זענען ווערט, קריצען זיי מיט די צייהן און מעהר נישט.

אזוי האט זיך שלום יונה אבגעלעבט זיין צייט, אבגעשטופט זיין וועלטיל, ווי ער אליין פלעגט זיך אויסדריקען, און צו גאט און צו לייטען גאר נישט צוגעלענט. געהאט האט ער, אמת, א סך שונאים אין שטאדט, אבער גוטע פריינד — נאך מעהר. צייטענווייז פלעגען אפילו די שונאים זיינע מלמד זכות זיין אויף איהם און זאגען: ער טרינקט נור דערפאר, וואס ער איז געשטראפט פון גאט קיין קינד ניט צו האבען, זיין צער, זיין עלענד פערגיסט ער מיט'ן ברוינפען, און ווער ווייסט אויב איין אנדערער אויף זיין ארט וואלט ניט נאך ערגער געוועזען פאר איהם?

עס קאן זיין, אז שלום יונה וואלט אפשר אזוי אויך זיינע יאהרען אויסגעלעבט, און קיינמאל זיין שטייגער און זיין פלעשיל ניט געביטען, ווען עס מאכט זיך ניט דאס אונגעריכט אונגליק, אויף וואס, ניט ער אליין און ניט לייט האבען זיך געקאנט ריכטען.

(ענדע קומט).



אייגענעם טיש וואו עס ליגען הייליגע ספרים, וואלט זיך געלעגט „גראַמאַטיקים“ מיט „חריסטאָמאַטיעס“... און דער דין איז: מַעֲלִין בַּקּוֹדֶשׁ וְלֹא מוֹרִידִין!

3) און נאָך מעהר: אז מען קען גלאַט קיין לעהרער נישט צונעהמען, וואָרום — וועמען וועט מען נעהמען? אַ יוד? איז ער חשוד אויף ציוניזם מיט סיציליזם, אויפ׳ן טיש וועלען ליגען חריסטאָמאַטיעס, און לערנען וועט ער גאָט־ווייס־וואָס! אַ קריסט צונעהמען איז אויך שלעכט, וואָרום לכבוד דעם קריסט וועלען זיצען די קינדער בגלוי הראש, און אַ חדר מיט סְפָרִים און מְזוּזוֹת איז כִּמְעַט אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ!

על כן:

4) אזוי ווי דאָס מאַגיסטראַט האַלט אויף פאַר דער שטאָדט אַ שקאָלע, וואו מען לערנט נור (ביי זיי הייסט יענץ אויך „לערנען“) פאַרמיטאָג, און נאָך מיטאָג שטעהט די שקאָלע ליידיג — זאָלען די יודישע חדרים־יונגליך אַהין געהן נאָך מיטאָג אויף צוויי שעה אין טאָג, לערנען ווי די ממשלה וויל, רוסיש און —

5) דעם לעהרער זאָל מען צאָהלען 35 רובל אַ חוֹדֶשׁ שְׂכַר בַּטָּלָה, זאָל ער נישט זיין אַזאַ מַתְמִיד!

געזאָגט געטהון!

די יודישע חדר־יונגליך געהען יעדען נאָכמיטאָג (אויס׳ר שבת און זונטאָג, אונזערע און זייערע ימים טובים) אין שול אריין דעמאָלט, ווען די קריסטליכע געהען אַרויס... זיי טרעפען זיך אויפ׳ן וועג, די קולות געהען עד לב השמים, יודישע קינדער קומען צהיים מיט געשוואָלענע בעקליך און איינגעפלאַטשטע נעז, אָבער אַפּט האָט אויסגעפיהרט! קיין לעהרער, נישט קיין יודישען, נישט קיין קריסטליכען, אין חדר נישט אַריינגעלאָזט —

וואָס, נישט אָבגעאַרבייט אַ שטיק?!

---

אַ מאָדנע שטעדטיל איז דאָס בעסאַראַבישע הינציעסט!

אַ שטיל שטעדטיל, אַ ציכטיג שטעדטיל. נישט אזוי פרום ווי אַפּט, נאָר דערפאַר „שטיל ווי אין ריוועץ“. אין אַפּט טרעפט זיך אַמאָל אַ מחלוקת, עס קאָכט אויף קעסיל און כלים ווענען רבנים, שוחטים, ציוניסטען, נאַציאָנאַליסטען און אפילו איבער אַ האָרבע שאלת־הריאה, אַלטע לומדים! אין הינציעסט הערט מען אין גאָס, ווי די זייגער קלאַפּען אין די שויבער, ווי דאָס זומען פון דער שוואָכסטער פליעג אין דער לופט! און מענשען געהען אַרום שטילע, מיט בלייכע מידע פנים׳ער, האַלב פערלאָשענע אויגען, אויסער — אז מען הייצט אין באָד! דעמאָלט זעהט מען אַמאָל מענשען איילען זיך, לויפען מיט פלאַמענדיגע בליקען, מיט די בעזימליך אין די הענד — עס לעבט! ווערט דאָס באָד אָבגעקיהלט, קיהלט זיך אָב און ווערט פערשטאַרט די שטאָדט און די בעלי בתים פאַלען צוריק אין דער „היהנער־פלעט“ אַריין...

אַזאַ שטיל שטעדטיל האָט מן הסתם אַ שטילען רָב.

מען צאָהלט איהם נישט קיין וואָכען־געלד —. איז נישט; בענעהט ער זיך און שווייגט! אין זיין אייגענער שטוב האָט איהם עמיץ אָן ביי אַ לאָץ, צי גיט איהם אַ גרעבערען גלעט איבער דער באַק — ער רעדט נישט אַ וואָרט; קהל שווייגט אַוודאי! אַ שוחט איז אויך פאַרהאַן אַ שטילער איין אַלטער קרעכצענדיגער יוד. קומט אַ קצב און גיט איהם אַ מַתְּנַת יָד, פאַר וואָס ער איז נישט געקומען אין מיטען דער נאַכט קוילען, בעגיסט ער זיך מיט דער „רויטער יויך“ און שווייגט: דער רב אויך, קהל אַוודאי, אַ קל־וחומר פון רב׳ס פעטש!

עס איז דאָ אַ בעל־בשׂר — אַ בעל־טאַקסע; פלייש איז צו טהייער די וואָג צו קנאַפּ — קהל און רב שווייגען, ווי אין פֶּרֶק שטעהט: מַרְבֶּה בָּשָׂר — מַרְבֶּה רִמָּה, און צוליעב די ווערם אין קֶבֶר איז נישט כְּדַאי זיך אַריינצולאָזען מיט׳ן בעל־טאַקסע׳ן!

דאָס שטעדטיל איז אזוי פערשלאָפען, אז פיער יאָהר האָט געדויערט, איידער מען האָט צונעמונען אַ צווייטען שוחט. די מַעֲשֶׂה איז אזוי געוועזען. קהל האָט אַמאָל איינגעזעהען, אז לויט דער שטאָדט און לויט די בהמות, וואָס מען קוילעט פאַר דער שטאָדט, איז איין שוחט, בפרט איין אַלטער און אַ קראַנקער, צו ווייניג.

אויף דעם סֶמֶךְ האָט זיך אַ יונגער מאַן אַוועקגעלאָזט לִמְקוֹם תּוֹרָה, אויסגעלערנט זיך שְׁחִיטָה און איז אַהיימגעקומען צים רָב מיט אַ פיינעם הֵלֶף און אַ פולען בויך מיט הִלְכוֹת שְׁחִיטָה.

דעם רב איז געפעלען געוואָרען אי דער יונגער מאַן, אי דעם יונגען־מאַנס הלף; נאָר אויף זיך אליין שטעלען האָט ער נישט געוואָלט און האָט געלאָזט רופען די בעלי־בתים פון שטאָדט אויף איין אסיפה.

און עס זענען זיך צונויפגעקומען די הינציעסטער קאָרפּענקעפּ, אין האָבען זיך אויך אַוועקגעזעצט, און אָנגעהויבען שאָקלען מיט די קעפּ אין דער לענג און אין דער ברייט, און בייסען די שפּיץ־בערד אין די אָפענע מיילער, און קנייטשען די גרויסע, ברייטע שטערן, ביז עס איז געבליבען „בְּהַסְכָּמַת כֻּלָּם“, פון קהל און רב הייסט עס, אז קהל און רב קענען זיך אויף זיך אליין נישט פערלאָזען און מען מוז שרייבען צום רבין...

עס האָט געדויערט איידער מען האָט געשריבען צום רבין, נאָר געשריבען האָט מען; מען האָט געפונען אַ שרייבער מיט אַ פיינעם „לכבוד“ אַ „לפ״ק“ מיט אַ „לפ״ג“ און מיט אַלעם גוטען!

דערנאָך האָט געדויערט, איידער עס איז געקומען אַ תשובה פון רבין, אַ פערנומענער מענש דער רבי! נאָר געקומען איז, די תשובה איז אָבער קיין קלאָרע תשובה נישט געוועזען... באשר בכן — אויף אַ בריעף קען דער רבי נישט שטעלען, מַשְׁרֶה זיין ווענען דעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אדער אליהו הנביא איז נישט כדאי, על כן — זאָל דער יונגער מאַן אַליין קומען, ער מוז מיט איהם רעדען פֶּה־אֶל־פֶּה...

עס האָט געדויערט איידער דער יונגער־מאַן האָט זיך געשאַפּט אויף הוצאות, נאָר געפאָהרען איז ער. עס האָט דערנאָך געדויערט איידער מען האָט איהם צוגעלאָזט, נאָר צוגעלאָזט סוֹף־כָּל־סוֹף האָט מען איהם!

און ער איז אָבגעזעסען אַ צייט, און דער רבי האָט איהם צוריק אָבגעשיקט צום רב!

אַ טְבִיעַת־עַיִן, קיין עַיִן הָרָע, האָט ער דער רבי, נאָר אויפ׳ן אויג אליין — שרייבט ער צום רב — קען מען זיך נישט פערלאָזען! און געהערט פון שוחט האָט ער כמעט גאָר נישט! על כן זאָל איהם דער רב נאָך אַמאָל פערהערען...

און אזוי איז דער יונגער מאַן געפאָהרען במשך פון פיער יאָהר פון רב צים רבין, פון רבין צום רב, ביז דער רבי האָט עפּיס דערזעהען צי דערהערט, און דעמאָלט ערשט האָט איהם די שטאָדט אויפגענומען פאַר אַ שוחט...

איבער די פיער יאָהר האָבען די קצבים דעם אַלטען שוחט — געפאַטשט!

דאָס אַלץ איז אייגענטליך נור אַ מַאֲמַר הַמּוּסְגָּר, דער עִקָּר, מיין איך, די צְדָקָה פון שטעדטיל!

אונ נישט איין צדקה, א סך צדקות: הכנסת כלה, בקור חולים, תלמוד תורה, הכנסת אורחים און נישט צעוואָרפֿען, נאָר אַלץ אויף איין אָרט און דוקא אין אַ חורבה!

און הערט ווי אַזוי:

אַמאָל האָט דאָס שטעדטיל געהאַט איין אייגען ה"יז — אַ דירה פֿאַר'ן רב.

אַז דאָס הויז איז איינגעפֿאַלען, האָט זיך דער רב איבערגעצויגען אין אַ געדונגענע דירה אַ־יין, ער האָט אפילו קיין וואָרט נישט גערעדט; אַ שטילער רב, ווי עס פאסט פֿאַר אַ שטיל שטעדטיל.

אַז דער רב האָט זיך איבערגעצויגען, האָבען זיך מן הסתם אויף זיין אָרט שדים אַריינגעצויגען, עס האָט געקלאַפּט, געפֿייפֿט פון דער חורבה, אַמאָל שטיינער אַרויסגעוואָרפֿען...

פֿון דעסטוועגען, אַז עמיץ איז געקומען אַמאָל פֿון דער סביבה צום דאָקטאָר, בפרט ביי טאָג, האָט ער זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען און אָבגעשטעלט אין דער חורבה; קיין גאַסט־הייזער זענען אין שטעדטיל נישט דאָ.

היימישע אָרימע קראַנקע האָבען געזעהען, אַז דער דאָקטאָר קומט אָפּט צו דער חורבה, האָבען זיי אָנגעהויבען אויך אַהין צו געהען, און עצות פֿרעגען. און פֿון זיך אַליין איז מיט דער צייט פֿון דער חורבה א בקור־חולים געוואָרען, די שטאָדט שווייגט! אַז עס האָט זיך אַליין געמאַכט, איז אַ סימן, אַז מען דאַרף!

דערנאָך האָבען געזונטע, נאָר אָרימע לייט פֿון דער סביבה, אויך אָנגעהויבען קומען צו דער חורבה, חאָטש אָוועק־לעגען דאָס אָנגעבעטעלטע פעקיל! און בשעת הדחק, חאָטש מיט גרויס ציטערניש, איבערנעכטיגען! און פֿון דער חורבה איז געוואָרען מיט דער צייט איין "הכנסת אורחים" — — —

עס טרעפֿט פֿאָרט, אַז די חורבה שטעהט חאָטש אַ פּאָר מאָל אין וואָך לעדיג; עס קומען קיין קראַנקע נישט ביי טאָג, קיין שנאָרער ביי נאַכט, און די לצים לאָזען זיך ערגיץ אויף עטליכע ווינטער־נעכט אין וועג אַריין, אַראָבצופֿיהרען שליטען מיט סוחרים פֿון דרך הישר... איז דער שטאָדט אַ שאָד, דינגט זי אַ מלמד און הייסט איהם פאַר דריי רובעל אַ וואָך לערנען אין חורבה מיט אָרימע קינדער און אין איין וועגס וואהנען אין איהר? — וואָס טהוט נישט אַ יור פֿאַר פ־נסה? שטעלט ער זיך איין דאָס לעבען, ציהט זיך אַריין אין דער הורבה און עס ווערט פֿון איהר אַ תלמוד תורה!

און מען ווייסט שוין אַליין נישט, וואָס און ווען די הורבה איז! קומט אַ קראַנקער, וואַרפֿען איהם אַרויס די אורהים: איין הכנסת אורהים איז נישט קיין בקור חולים... אַ מאָל קומט איין אורח מיט אַ פעקיל, בעגעגענט איהם די מלמד'קע מיט אַ בעזעם: עס איז אַ תלמוד תורה! אַמאָל ווייטער קומען הליים, ציהען זיך אויס אין די שטיבער — עס איז פֿאָרט אַ בקור הולים...

דערווייל דאַרף איין אָרימע כלה התונה האָבען; קומען די קרובים פֿון ביידע צדדים און מאַכען מיט געוואַלד פֿון דער חורבה איין — הכנסת כלה...

און אַמאָל האָט גאָר עמיצער אַ טעות, וויל געהן אין באָד אַריין און טרעפֿט צו דער חורבה, ווייל דאָס באָד איז אויך פונקט אַזאַ חורבה..

---

אך, די פֿיינע פוך־בלומליך!

נעמט, למשל "פילוויריק" פֿון קאמיעניעץ פּאָדאָלסק; מאָסען בעלי־טובות, מיט אָפּענע, ווייכע הערצער! זיי ווילען, נעביך, טהון לְטוֹבַת הַכְּלָל. נאר וואָס?

ווערען זיי איינמאָל געוואהר, אז אויף דער יודישער וועלט איז היינט "תלמוד תורה" אין דער מאָדע; מאַכט מען איין אסיפה, און מען עפֿענט א תלמוד תורה. עס ווערט אַ קאָמיטעט, מען קלויבט אויס צוויי גבאים, אַ נבאי ראשון און אַ נבאי שני, צוויי רואה־חשבונים, 8 אויפֿמאָהנער פֿון וואכען־געלד, בעשטעלט 6 (בפירוש זעקס) חתימות, ווייל אָהן זיי איז א חברה קיין חברה נישט, און אַ סעודה האָט מען אויך געמאַכט, "וואַרעניקים" געקאָכט!

דאַכט זיך גוט? האָט מען אָבער צוויי מכובדים נישט אויסגעקליבען. וואָס טהוען זיי? זונדערן זיי זיך אָב, מאַכען נייע אסיפות, נייע צעטליך אויף וואָכען־געלדער קלויבען אויס נייע "כלי־קודש" פֿאַר כבוד, און מען עפֿענט אַ צווייטע תלמוד־תורה; מלמדים פֿעהלען נישט, קינדער אויך נישט!

עס זענען אָבער פֿאָרט נאָך ליידיגע מכובדים געבליבען, עס האָבען נאָך שליפֿעס פֿערפֿעהלט, און דערווייל ווערט מען געוואהר, איז אַריין בילינגער קרעדיט אין דער מאָדע, האָט מען ווייטער אסיפות געמאַכט און געעפֿענט — אַ באַנק אויף אַקציעס, צעהן רובעל איין אַקציע — פֿאַר קליינע סוחרים, בעלי מלאכות... און מען האָט די רעשט שליפֿעס צוטהיילט, נייע "וואַרעניקים" געקאָכט, אפילו. לויט מען שרייבט, אַ גוט ביסיל משקה געטרונקען!...

עס זענען אוועק געגאַנגען נישט קיין גאַנצע דריי הדשים:

דאָס געלד פֿון דער באַנק איז אויסגעטריקענט געוואָרען, גלייך עס וואָלט אין וואַרעניקים מיט דער משקה אַריין... די צווייטע תלמוד־תורה איז זיך צופֿאַלען, ווי אויסגעטריקענט זאַמד, און די ערשטע תלמוד תורה הענגט נאָך אין דער לופֿט אויף אַ האָהר!

און נישט דוקא אין די קליינע שטעדטליך וואַקסען די פוך־בלומליך! אַזוינס טרעפֿט אין גרויסע שטעדט אויך, אפילו אין וואַרשוי..

ווערט געוואהר אויף טווארדא גאָס נו' 13!

אַז ניט, וועל איך אויך אפשר אַליין אַמאָל די מעשה דערצעהלען!

די ביהן.

---

# די יודישע וועלט.

## געזעצען און משפטים.

— דער סענאַט האָט ווידער בעשטעטיגט, אַז מאַכען טינט און שמירעכץ צו וועגען הייסט אַ מלאכה, און יודען, וועלכע האָבען אַ שיין, אַז זיי קענען די מלאכה, האָבען דאָס רעכט צו וואָהנען אומעטום אין רוסלאַנד.

דאָס געזעץ פֿון סענאַט איז געשיקט געוואָרען דעם 2-טען אַפּריל 1902 אונטער נו' 3017.

— די מאָסקווער סודעבנע פּאַלאַטע זאָט גע'פסק'ט דעם 19-טען מערץ 1902 אין משפט פֿון סענדעריכן, אַז יודען גאָלדשמידען מעגען האַנדלען אויסער דער טשערטא מיט גאָלדענע און זילבערנע סחורות, וועלכע ווערען געקויפֿט רויערהייט און ווערען פֿערענדיגט דורך זיי. (*Восходъ* N. 25).

— דער "נאָווי ווּרעמיע" בעשטעטיגט די ידיעות, אַז יודען איז פֿערבאָטען צו וואָהנען אין מאַנדזשוריען. אויף דער סטאַנציע מאַנדזשוריען קומען פֿאָר שוועריגקייטען מיט יודען, וועלכע פֿאָהרען אויפֿ'ן ווייטען מזרח. יודען איז בכלל פֿערבאָטען צו וואָהנען אין מאַנדשזוריען און דורכפֿאָהרען דאָרט קענען זיי נור מיט אויסלענדישע פעסער.

דער "וואָסכאָד" בעמערקט דערויף, אַז ביזהער איז ניט געווען קיין ידיעה אין די צייטונגען, אַז עס איז פֿערבאָטען יודען צו וואָהנען אין מאַנדזשוריען. מאַנדזשוריען איז, ווי עס איז ידוע, אַ טהייל פֿון דער חינעזישער מלוכה, וואו עס עקזיסטירען ניט עד היום קיין שום בעגרענצונגען וועגען יודען.

## חברות.

— אויס פ א ר י ז איז מען מודיע, אַז די חברה יק"א האָט אסיגנירט 100,000 פראַנק אויף בויען היגיענישע הייזער אין באָברויסק. צום בויען וועט מען צוטרעטען נאָך אין לויף פון היינטיגען מאָנאַט.

— די סוחרים און פאַבריקאַנטען פון ט ש ע ר ק א ס ס י האָבען זיך געסטאַרעט ביי דער רעגירונג, אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו גרינדען אין טשערקאססי א חברה פון געגענזייטיגען קרעדיט. פאַר אַ קורצער צייט האָבען די גרינדער בעקומען אַנטוואָרט פון דער קאַנצעלאַריע, וועלכע איז געזעצט אויף קרעדיט-ענינים אין פינאַנצמיניסטעריום, אַז די חברה קאָן ווערען בעשטעטיגט נור מיט דעם בעדינג, אַז אין די תקנות זאָל ווערען אַריינגעשריבען: 1) אַז די פרעזעסען פון קאָמיטעט און די קאָמיסיעס און זייערע פערטרעטער אויף די גענעראַל-פערזאַמלונגען מוזען זיין דוקא קריסטען. 2) אַז צווישען די מיטגליעדער פון קאָמיטעט און די קאָמיסיעס טאָר נישט זיין מעהר ווי $^1/_3$ יודען און 3) אַז די חברה מעג קויפען און נעהמען אַלם משכון נור אַזעלכע הייזער און פלעצער וועלכע געפינען זיך אין שטאָרט.

די גרינדער האָבען מסכים געווען איינצושרייבען אין די תקנות די דערמאָנטע בעגרענצונגען.

*

## בילדונג.

—זונטאָג דעם 16-יוני איז אין גוט ט ש ע נ ס ט אָ נ י ע ו ו (וואַרשוואַר גוב.) געפייערט געוואָרען דער חנוכת-הבית פון דער דאָרטיגער לאַנדווירטשאַפטליכער שולע, צו וועלכער עס זענען געקומען געסט פון ווארשא און אנדערע ערטער די שולע איז באמת געעפענט געוואָרען נאָך אין פערגאַנגענען מערץ און די געסט, וועלכע זענען איצט געקומען, האָבען זיך שוין געקענט בעקענען מיט דעם מעמד פון דער שולע און דעם גאַנג פון לערנען.

דער צוועק פון דער טשענסטאניאווער שולע איז צו לערנען יודישע קינדער פראַקטיש די ערדאַרבייט און אויך אַנדערע למודים און מלאכות, וועלכע זענען נוגע צו ערדאַרבייט. אויסערדעם בעקומען זיי אין דער שולע איין אַנפאַנגס-בילדונג אין יודישע און אלגעמיינע למודים. מיט לערנען אין שולע פערנעהמען זיך די קינדער נור פון אָקטאָבער ביז מערץ; פון פריהלינגס-צייט ביז'ן הערבסט אַרבייטען זיי אין פעלד און לערנען אין שול נור אין פאַל, אויב עס בלייבט זיי צייט דערצו. ווינטער-צייט ווייעדער בעקענען זיי זיך מיט מלאכות, וועלכע האָבען אַ שייכות צו ערדאַרבייט, ווי שלאָסעריי, טשעסלעריי, שמידאַרבייט, א. ז. וו. דער גאַנצער קורס צוזאַמען מיט דער פאַרבערייטונגס קלאַס דויערט 4 יאָהר.

די אָנגעקומענע געסט זענען געוואָרען בעגריסט פון ה' י אַ ן ב ע ר ס אָ ן, דעם אָפעקון פון דער שולע, דעם דירעקטאָר ח י י ק י ס, די לעהרער און די 49 שילער, וועלכע זענען געווען אויסגעשטעלט אין איינציגע שורות, און אַלע געטראָגען לייוואַנדענע בלוזען. דאָס אויסזעהען פון די קינדער און זייער האַלטונג האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ גוטען איינדרוק.

1 אַ זייגער נאָכמיטאָג האָבען זיך אַלע פערזאַמעלט אין שול, אין וועלכער דער וואַרשויער כאָר שול האָט געזונגען צוזאַמען מיט אַ כאָר פון שילער איניגע תפלות און געדאַווענט מנחה. נאָכהער האָט מען די געסט ארומגעפיהרט בעזעהען די שולע און אַלע געביידען, דעם גאָרטען און די 4 טייכען מיט פיש.

דער געמויערטער בנין פון דער שולע מיט 13 פראָנטאָווע פענסטער בעשטעהט פון 2 שטאָק און אַ קעלער-שטוב. אין דער קעלער שטוב געפינען זיך די קיך, וועשעריי, אַ באָד און וואָהנונגען פון דער דינערשאַפט. אין דעם ערשטען עטאַזש איז די פאַרבערייטונג שולע ביבליאָטהעק, קאַנצעליי, עסצימער א. ז. וו. אויף דעם צווישען עטאַזש איז די שול, די שלאָפצימערען פאַר די שילער, וואָהנונגען פון לעהרער, וועלכער איז צוגלייך משגיח אויף די קינדער, אַלע צימערן זענען געראָים און ליכטיג און פערזאָרגט מיט וואַסערלייטונג און קאַנאַליזאַציע. די צאָהל פון די שילער איז שוין פערפולט, נאָר מען האָפט צו פערגרעסערען די שולע, און דאַן וועלען קענען לערנען אין איהר ביז 100 שילער.

אויך די וואָהנונגען פון דירעקטאָר, די לעהרער און דער אדמיניסטראַציע, די וואַרשטאַטען זענען אין בעזונדערע געביידען.

יעדער פון די שילער האָט אַ בעזונדער שטיקעל פעלד, וועלכעס ער מוז אַליין בעאַרבייטען און אָבהיטען, דורך דעם בעקומט ער ליעב די ערד און ווערט צוגעבונדען צו איהם.

אַם ענדע איז געווען אַ סעודה פאַר אַלעמען, מען האָט געטרונקען וויין און געהאַלטען רעדען.

טשענסטאניעוו איז אַ גרויס גוט פון 40 וואָלאָק. דאָס גוט און דער בוי פון אַלע בנינים א. ז. וו. האָט געקאָסט מעהר ווי 100,000 רובעל, די העלפט דערפון האָבען געגעבען וואַרשעווער גבירים און די אַנדערע העלפט די חברה יק"א.

— די דומע אין וויטעבסק האָט בעשלאָסען צו סטאַרען זיך ביי'ם פינאַנץ מיניסטער וועגען עפענען אַ האַנדעלסשולע אין וויטעבסק.

לויט דעם פראָיעקט פון די תקנות וועלען האָבען אַ דין קדימה אַריינצונעהמען זייערע קינדער אין שולע די סוחרים, וועלכע קויפען אויס האַנדעלס-פאַטענטען אין וויטעבסק, און נאָכהער ערשט אויב עס וועט בלייבען לעדיגע פלעצער וועלען ווערען אַריינגענימען אויך אַנדערע קינדער. יודישע קינדער וועלען ווערען אַריינגענומען 50 פראָצענט פון דער געזאַמטצאהל, נאָר אויב עס וועלען בלייבען קריסטליכע וואַקאַנסען, וועט מען קענען אַריינגעהמען אויף זיי יודען, און אויך פערקעהרט.

*

## ציוניסטישע נייעס.

— דער פערזישער שאַך נ אַ ס ר-ע ד-ד י ן, וואָס איז ניט לאַנג געשטאָרבען האָט איבערגעלאָזען איין טאָגע-בוך, וועלכעס איז איצט אַרויס פון דרוק. אין זיין בוך דערצעהלט דער מלך פון פרס איינציגעס איבער יודען. אין יאָהר 1873 האָט ער געמאַכט אַ רייזע איבער אייראָפּאַ און זייענדיג אין פאַריז, האָט ער פערשריבען אין טאָגעבוך די דאָזיגע ווערטער: „איך האָב אויפגענומען דעם בעקאַנטען ראָטשילד, וועלכער איז זעהר רייך. מיר האָבען געהאַט צווישען זיך אַ שמועס, ער האָט זיך אַנגענומען פאַר די פערסישע יודען און געבעטען, אַז מען זאָל זיי גוט בעהאַנדלען. איך אָבער האָב איהם געענטפערט: „איך האָב געהערט, אַז אייער ברודער פערמאָגט 1000 קורור (ד. ה. 500 מיליאָן מאַרק). איך האַלט פאַר דאָס בעסטע, אַז איהר זאָלט געבען 50 קורור ערגיץ אַ גרויסער אָדער אַ קליינער מלוכה, דערפאַר אָבקויפען אַ מדינה און דאָרט בעזעצען די יודען פון דער גאַנצער וועלט. איהר וועט אַליין ווערען די פירסטען פון זיי און איבער אַלע רעגירען, כדי די יודען זאָלען נישט מעהר זיין צעוואָרפען און ניט ווערען אַרומגעטריבען פון איין אָרט אין דעם אַנדערען". מען האָט זעהר פיעל געלאַכט וועגען דעם. ראָטשילד האָט דערויף נישט געגעבען קיין ענטפער, נאָכהער האָב איך איהם מודיע געווען, אַז איך וועל נעהמען אונטער מיין שוץ אַלע פרעמדע פעלקער, וועלכע וואָהנען אין פרס".

— פון י פ ו איז מען מודיע, אַז עס איז געשטאָרבען דער דאָרטיגער רב ר' נ פ ת ל י ה י ר ץ ה ל ו י, וועלכער איז געווען 16 יאָהר רב אין יפו און השגחה געהאַט אויף די יודישע קאָלאָניעס אין ענינים פון אָכשיידען מעשרות און כשרות פון וויין.

— „די וועלט" איז מודיע, אַז דר. ה ע ר צ ל וועט ווערען אויסגעהערט פון דער קעניגליכער קאָמיסיאָן צום אויספאָרשען די פראַגע וועגען עמיגראַציע אין לאָנדאָן — דעם 7-טען יולי. דר. הערצל איז געפאָהרען צו דעם צוועק דעם 2-טען יולי קיין לאָנדאָן.

— דער פעראיין „ל מ ע ן צ י ו ן" אין י ר ו ש ל י ם האָט אַרויסגעגעבען אַ חשבון, לויט וועלכען דעם גרעסטען טהייל פון זיין הכנסה האָט ער אויסגעגעבען פאַר אָרימע קראַנקע בעלי-מלאכות, וועלכע ער האָט פערזאָרגט מיט דאָקטוירים און רפואות.

---

# סֵפֶר הַבְּהֵמוֹת.

מַעֲשִׂיּוֹת פון בְּהֵמוֹת, אַלערליי מִינֵי בעשעפּניש און אַלסדינג, וואָס פאַרלויפט זיך אין זייער עוֹלָם.

פון

ש"י אבראַמאָוויץ.

לכבוד רֶב מענדעלי מוכר-ספרים.

אַ מַתָּנָה

פונ'ם מְחַבֵּר.

(פאָרטזעטצונג)

און ווי ער שטעהט דאָ אַזוי אין איינע צָרוֹת עפּענט זיך איהם אויף אַביסיל איין אויג. ער קוקט מיט שרעק — גאָרנישט! עס עפענט זיך דאָס צווייטע, בלינצעלט, קוקט — און, געלויבט דער אויבערשטער, נישטאָ קיין ראָד! ער ווערט ביי זיך עפּיס שטאַרקער, מענשעלט זיך כְּלוֹמֶר'שט, פּערדעלט זיך, הייסט עס, הייבט אויף די מאָרדע און טהוט אַ לעק אַ פּעקיל ספרים, עס הייסט אַזויפיעל ווי נערעדט: דאָס בעסטע פון די מכּוֹת איז פאָרט דאָס. ווי די מעשה איז אַלץ בעסער ווי ביי זיי, ביי יענע בעלי-הבתים אַמאָל!

און אויב יאָ אַזוי, פאַר וואָס-זשע נישט צולאָזען זיך אַ שטיקעל עוֹלָם הַזֶּה, ווי אַנידערלייגען זיך, אַ שטייגער, אָדער אפשר נאָר אויס-

ציהען זיך טאַקי אַביסיל ? ביז וואַנען איז דער שיעור אַריינקוקען, אַלײן אַריינקוקען ? — און נישט לאַנג נעטראַכט צעליינט זיך מיינער אויף דער־ערד, נעבין וואָגען, גאַנץ ברייט, ווי ביים טאַטען אין ווײַנהויז, קעהרט זיך איבער אויף דעם ריקען מְחִילָה מיט די פּיס אַרויף, קוויקעלט זיך, קאַשקעט זיך, אונטערהערענדיג פֿאַר גרויס תַּעֲנוּג, גלייך ווי ער וואָלט געפּיהלט אין זיך עפּיס אַ נייע יום־טוֹבדיגע נשמה. עס דויערט אָבער נישט לאַנג, שפּרינגט ווי פֿון אינטער איהם אַרויס עפּיס אַ לעבעדיג בעשעפֿניש מיט אַ משוּנה קוויטש, אַזוי אַז אונזער לייב ניט זיך אַ האַפּ שטאַ־ק דערשראָקען און כּה־ט זיך אַ שטעל, נישט טויט, נישט לעבעדיג אויף די פּיס, אַרומקוקענדיג זיך פֿערוואונדערט מיט אַ פּאַר אויגען אין אויפֿגעשטעלטע אויערען. וואָס לאָזט זיך אויס ? — אַ הונד !

בְּשָׁעָה אונזערער האָט זיך דאָ געמאַכט יום־טוב, געטאַנצט, גע־דריגעט הייסט עס מיט די פּיס, האָט דערווייל זיך אַריינגעהאַפּט אויפֿ'ן שולהויף אַ גויעשער הונד, זיך אונטערגע־גנבה'ט צום וואָגען, כּדי צו דער־טאַפּען דאָרט עפּיס, און געהאַפּט, אַ־פָּנים, גאָר אומגעריכט אַ זעטיק. ער שטעהט עס אַצינד מָלֵא הֶמֶן, פֿערריסען דעם ווײַדעל, אויסגעשטרעקט דעם האַלז און בילט, פֿערגעהענדיג זיך אַזש פֿאַר כַּעַס. ער בילט נישט אַזוי פֿאַר דעם זעטיק ווי דערפֿאַר, וואָס איהם איז נישט געראָטען; וואָס ער האָט זיך דאָ מיאוּס אָבגענאַרט. אַנשטאָט נאַשען, ווי דער שטיינער איז, האַפּען אַ לעק, געפֿינט ער פֿאַר זיך אין וואָגען דאָ אַ מִין סְחוֹרָה אַזעלבע, וואָס האָט נישט אין זיינע אויגען קיין שום ווערטה. אומזיסט גאָר זיך געשמוצט, געבראָכען די פּיס פֿון זיין געסיל אַהער. דאָס בילען זיינס האָט געהייסען אויף הינטיש אַזוי פּיעל ווי געזאָגט: פֿערדאַק איינער, אַז אַך־און־וועה צו דיר מיט דיין סחורה... האַוו־האַוו! טאַקי נור אַ פֿערדאַק ווי דו ביסט קען אַזינס האַבען... האַרך־זשע, זאָג איך דיר, האַוו־האַוו! ווייזט דו זיך דערמיט צו אונז אין געסיל, צעררייס איך מיט מיינע חברים דיך אויף שטיקער, פֿערדאַק־דאַק־דאַק!... אונזער שלים־מזל נעביך פֿאַכט מיט די נעזליכער, שאָקלענדיג מיט דעם האַלז, מיט דעם קאָפּ אַרויף און אַראָב, שטשירעט אוים איין אויג — איז זיך מְיַשֵׁב און קעהרט זיך אום צום הונד מיט דעם הינטען, ווי איינע־ רערט: נאַ.. וואָס וועל איך דאָ מיט דיר טַעֲנָה'ן!

די זון, וואָס ווי באַלד זי ווייזט זיך מיט איהר ליכטיג פָּנִים אין שטעדטיל, שטעהט זי סטאַנציע דעם גאַנצען טאָג אויפֿ'ן שולהויף, האָט מִנְחָה־צייט, ווי דער שטיינער איהרער איז, זיך געקליבען פֿון דאָרט אַהין, אין איהר רוה אַריין. זי האָט אויסגעשטעלט אַ צוּרָה, גאָר עפּיס נישט די וואָס פֿריהער, געקוקט, געקוקט אויף אונזער שלימזל, אויף דעם ביידעל סְפָרִים, מינענדיג זיך און מְשׁוּנֶה רויט ווערענדיג, גלייך ווי עס וואָלט איהר שטאַרק באַנג געטהון צושיידען זיך מיט אַזאַ פֿאַרשוין און מיט אַזאַ סְחוֹרָה. און בֶּאֱמֶת טאַקי, וואָלט אונזער לייב דער שמיינער געמענט שווערען, אַז איהר כּיוון אינגאַנצען מיט דעם קומען איהרען איז טאַקי נאָר צוליעב איהם און זיין סחירה, ווייטער וואָס גערט זי אָן אַ וועלט. ביי איהם פֿון דעסטוועגען איז דאָס קוקען איהרס אַזוי אויף איהם גאָר נישט אָנגעליינט. נאַרעשקייטען! קוקעניש־שמוקעניש. וואָס קומט אַרויס דערפֿון ? גאַרנישט! עס ווערט נאָר שטאַרק הייס, אומצו־קומען. בעסער טאַקי אַזוי, אַזוי פֿון דערווייטענס. אַצינד פֿיהלט מען זיך עפּיס פרישער, מען עטהעמט פֿרייער, מען ווערט, דאַכט זיך, ברייטער, לייגגער — אָט ווי ווייט עס ציהט זיך אוים דער שאָטען!...

פֿון אונזער שמיינער וואַקסט באמת טאַקי אויס פלוצלים אַ גאַנצער עוֹג מֶלֶךְ הַבָּשָׁן. דער קאָפּ פֿערקריכט איהם אויפֿ'ן דאַך פֿונ'ם בית־מדרש און מיט דעם ווײַדעל שפּאַרט ער אָן העט דאָרט אויף אַ שטיבעל. אינ־גאַנצען איז ער עפּיס אומגעלומפּערט, אַ מִין חַיָּה, אַ פֿערזועהעניש, גאָר אַנטיק. לאָז דעריבער קיין קַשְׁיָא נישט זיין, פֿאַר וואָס האָט די ציג, לויפֿענדיג פֿאַראוים דער טשערעדע פֿאַרביי דעם שולהויף, זיך דאָ אָב־געשטעלט און געמאַכט אין איין קול מע — דאָס האָט זי געמעקעט צום גאַנצען עוֹלָם בְּהֵמִית: מע־ע־ע! אַהער. בְּהֵמָה'ליך, זעהען עפּיס שיינס אויף חִידוּשִׁים.

פֿריהער פֿאַ־ אַלע טהוען זיך, ווי דער שטייגער איז, אַ לאָז אַהער אויף קַבָּלַת־פָּנִים אַקעגען אַ מִנְיָן ציגען מיט אַ ציגענעם שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם! דער קָהל'שער צאַפּ, דער ציגענער פֿיינע־בריה, זאָל געזונד זיין, האָט לְעֵת־עַתָּה נישט געקענט קומען צום קבלת־פּנים, ווייל ער איז געוועזן אַ טְרוּד, פֿערנומען אין עפּיס אַ וויכטיגען עִנְיָן מיט דעם פּעקיל שטאַרט־קונדסים, וואָס פֿאָהרען אויף איהם רייטענדיג, פֿיהרענדיג איהם ביי דער נאָז, און מאַכען מיט איהם, ווי געוועהנטליך, די קאָמעדיע, די שפּיל.

מע־ע־מע! מאַכען די ציגען, דרעהענדיג מיט די ווײַדעליך, און שפּרינגען אַרויף פֿלינק אויף דעם וואָגען, נישט וואַרטענדיג אויף דֶּרֶךְ־אֶרֶץ, ביז מען וועט זיי בעטען. זיי שמעקען, לעקען, ניסטערען, זוכען עפּיס נאַשערייען צו־וואָרפֿענדיג פּעקליך סְפָרִים. עס איז אַ שטופּעניש, אַ האַפּעניש און אַ שפּאַרעניש. צוויי זייערע שטעהען איבער אַ סֵפֶר, האַלטענדיג אָנגעבויגען די קעפּ, טרעסענדיג מיט די בערדליך, איינע אַקעגען דער אַנדערער און מאַכען באַראַן־בוץ, עפּיס נאָר טאַקי ווי לוֹמְדִים לְהַבְדִּיל בוצקען זיך איבער אַ האַרב שטיקעל אין דעם לערנען. דאָס זענען געווען אָפּנים ציגען־בַּטְלָנִים, וואָס האָבען נישט אין זינען די פַּרְנָסָה, צופֿערזאָרגען די היים האָטש מיט אַ קאָפּ מילך, נישטאָ פֿון זיי, מישטעהנס־געזאָגט, קיין שום נוטצען; דעריבער קענען זיי זיך פֿער־נעהמען מיט אַזוינע זאַכענישען, און האָבען זיך דאָ טאַקי אָוועקגעבוצקעט אַ היבשע צייט.

אונזער לייב האָט אינגאַנצען ווי ער איז מיט זיין ישיינער צוּרָה, אויפֿגעריהרט דאָס גאַנצע שטעדטיל בהמות. עס האָט זיך פֿערברייט:ט צווישען זיי וועגען איהם עפּיס גאַנצע מַעֲשִׂיוֹת. יענער הונד האָט אָנ־געהויבען און די איבעריגע האָבען איהם אונטערגעהאַלטען, איטליכער הונד אויף זיין סמיטניק, איטליכער אויף זיין שטייגער בילען. דאָס נעבילעריי האָט זיך פֿערטראָגען ווייט אין אַלע זייטען שטאָדט, זיך אָב־גערופֿען אין די הערצער פֿון די אַלע מִינֵי בְּהֵמוֹת, וואָס לאָזען זיך הערען אויך אויף זייערע קולות, עפּיס נאָר אַ גוואַלד, אַליין נישט רעכט צו וויסען וואָס. און בְּשָׁעָה עלטערע קיה שטעהען ערגנסט איבער די מעלק־שעפֿליך, צוהערענדיג זיך צום גערייש, צום מומלען דאָרט, נישט מַפְסִיק צו זיין אין דערמיט מעלקען זיך חָלִילָה, לאָזט זיך אַ פֿאַרשייטע „טעלעצע", אַ יוגענד אויף ציקאַוועשין צום שולהויף. אַ רויטער אַ געזונטער בּוּהאַי פֿערררייסט דעם עק, מעשה קאַוואַליר, און פוטץ נאָך איהר, לויפֿט, קומט צו לויפֿען סאַפּענדיג, פֿערקאַכט און געהמט זיך דרעהען מיט דער יְפֵהפִיָּה זיינער אַרום און אַרום, ווי אונטער דער חוּפָּה דאָרט.

קליינשטעדטעלדיגע בהמות, ווי איטליכער ווייסט, איז זייער לעבען דער שולהויף, צופֿערברייגען דאָרט אַביסיל די צייט; נישט ווי יענע אין די גרויסע שטעדט, וואָס קוקען נישט אָן דעם שולהויף נאָר זעלטען, אַמאָל אין יאָהר, אָדער אפשר נאָר קיינמאָל נישט אין זייער לעבען נאָר אַזאַ צונויפֿלויפֿעניש אַהין ווי דענסטמאָל, געדיינקען אויך די אַלט־געזעסענע בהמות פֿונ'ם שטעדטיל נישט.

אַז בעטאָגטע קיה זענען געקומען, אויסגעמאַלקענע שוין, אויפֿ'ן שולהויף, צונעכטיגען דאָרט, ווי געוועהנטליך, און דערזעהען, אַז די

ערטער זייערע, אויף וועלכע זיי האָבען פון גאַנץ לאַנג אַ חזקה, זענען פערנומען, בלייבען זיי פערגאַפּט, נישט וויסענדיג וואָס צוטהו'ן. געה לייג זיך מחילה אַז דאָ שטעהט גאָר אַ וואָגען און עפּיס נאָך אַ מין פאַרשוין. — פריקרע! געה רוה אין אַזא געט'מעל, אַזא חתונה דאָ. פע אַ חרפה, אַ בושה! אָנרופען זיך מיט אַ מו? חס-וחלילה! מו קען גאָר הייסען אַזוינס, וואָס פאַסט נישט פאַר כשר'ע בהמות, צנועות. זאַטשעפען זיך מיט ציגען — שפּרינגען זיי דיר אויפ'ן קאָפּ. מאַכען דער טעלעצע אַ קרומע מינע: פע, טאָכטער, ניט שיין! — וועט דער בוהאַי אָט-אָ דיך דורס זיין. אין-ברירה, זיי שטעהען נעביך אויף די פּיס שטיל, אויסשטעלענדיג די אויגען לעקישעוואַטע אויף אונזער לייב, שלינגען דאָס שפּייעכטס און מעלה-גרה'ן. דאָס איז ביי בהמות אַזא בעשעפטיגונג ווי זאָקען אַרבייטען ביי ווייבער.

גאָר אין-מיטען-דרינען פליהט אַריין עפּיס אַ מין ווילדע בריאה אַ צעטראָגענער, אַ מנוול מיט אַ פערוואָקסען פּנים און אַ צופּאַטעלטע באָרד. די צוגעפּלעטשטע נאָז, עפּיס ווי אויף שרויפען — קרימט זיך, קנייטשט זיך, שמעקט, בלאָזט, פּירקעט ווי פון טאַבאַקע. ער איז קליין געוואָקסען, ברייטער ווי לייגער, אַ קורצפּיסיגער אין תחתונים פון האָר, אַראָבהייגענדיג ווי טריפּעלקעס ביז איבער די קניעס, און אַ ריח פון שוויים מיט נאָך עפּיס אַזוינס, ווי הייסט מען עס, גיט זיך פון איהם מחילה שטאַרק נאָך — דאָס איז ער, זאָל געזונד זיין, דער צאַפּ מיט זיין כבוד אַליין! באַלד ביים אָנקומען, פון דערווייטענס נאָך, טהוט ער זיך אַ בוק, אַ לאָז אַראָב דעם קאָפּ, פּירקעט, בעבעט עפּיס אונטער דער נאָז, לויפט דער נאָך צו הענדום-פּענדום — און בעך-בעך אונזער שלימזל נעביך אונטער דער דעך.

אונזער לייב שפּרינגט אַזש אונטער פאַר גרויס וועהטיג פון אַזא שלום-עליכם, און עס רייסט זיך איהם נישט ווילענדיג אַרויס אַ הירזע טיף פונים האַלז, ווי גערעדט מיט פערדראָס, שטאַרק פאַראיבעל האָבענדיג: אי, פע, חלעבין!... וואָלט ער געקענט מעקען גוט צאַפּעש, אָדער האָטש אַביסיל, צאַפּעש כלומר'שט הייסט עס. און אויך דאָס לשון פון יענע אַנדערע מיני ברואים דאָ, וואָלט ער זיכער מיט זיי זיך אויסגעטענה'ט, פאַר וואָס בענעהמט זיך מיט איהם דאָ אַזוי גראָבליך, וואָלט זיי נעפערנט גאַנץ ריין און שאַרף: בהמה'ליך! וואָס אַזוינס האָב איך אייך נעטהון? ער וואָלט זיי דערצעהלט פון דער שווערער מיה זיינער מיט דער דאָזיגער סחורה דאָ; פון די גרויסע פערדינסטען, מישטעהנס-געזאָגט, דערפון, אַז עס קלעקט אפילו נישט אויף אַ בינטעל היי, זיך זאַט אָנצועסען. מען פאַהרט, מען שלעפּט זיך, מען האַנדעלט, האַנדעלט און וואָס? גאָר נישט! דאַכט זיך ער שטעהט, האַלט זיך אויף די פּיס, נאָר וואָס ביי איהם אינעוועניג, אין מאָגען, טהוט זיך, ווייסט קיינער נישט. חוץ אַביסיל סיטשקע היינט פריה מאָרגענס האָט ער דעם גאַנצען טאָג, אסור-חזיר, אפילו קיין לעק היי אין מויל נישט געהאַט. ס'איז אוודאי נישט פאַר תענוג, מסתמא שטעהט עס מיט דעם פדיון שמאל, ס'איז דאָ אַ מכה!...

נאָר דאָס וואָס אונזער שלימזל קען נישט אַרויסזאָגען מיט דער צונג, גיט ער עס צופערשטעהען אויף דעם ווינק, מיט דעם בליק און מיט אַלע זיינע אברים. זיין אויסדרעהען פריהער דעם קאָפּ און בעטראַכטען זיך אַליין, זאָל אַזויפיעל הייסען: האַ! דאַכט זיך. אַלסדינג ביי מיר ווי עס בעדאַרף צו זיין? אַ בהמה ווי אַלע בהמות! און פאַרטיג ווערענדיג דערמיט ביי זיך שטרעקט ער אויס דעם ווײדעל שוין צו זיי: נאַט זעהט, בהמות, הייסט עס, נישט צו פערזינדיגען. אַ בויך איז דאָ: הויט און ביין דאָ, בין אַ בשר ודם ווי איהר אַלע! וואָס'זשע ווילט איהר פון מיר האָבען?

דער צאַפּ אָבער ווייסט נישט קיין חכמות, פערשטעהט זיך נישט אויפ'ן ווינק. ער גורט אָן זיינע לענדען, טהוט זיך אַ לאָז ראַפּטאָם צו אונזער שלימזל — און טראַך-טראַך ווי פריהער! אַלע בהמות שטעהען, קוקען, און עס זאָל זיי דאָס אָנהויבען צו אַרען... דער לייב נעביך לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, מאַכט צו די אויגען, און טיף פונ'ם בויך רייסען זיך איהם אַרויס שטילע זיפצען. אַצינד טהוט ער שוין אפילו קיין קליין הירזעלע אויך נישט, וויסענדיג, אַז עס וועט נישט העלפען.

יאָ, רב לייב, דו פערדיל איינער! עס וועט דיר נישט העלפען אפילו ווען עס זאָל זיך דיר עפנען דאָס מויל צום ריידען ווי דיין עלטער-עלטער באָבע אַמאָל — בלעם'ס אייזעל, דיר צו לאַנגע יאָהר! איידער דיר זאָל זיך עפנען אַ מויל, וואָלט פיעל בעסער געווירקט זיי דאָס מויל צו פערשטאָפּען. דאָס הייסט, ווען אָנשטאָט ביכליך ביי דיר אין וואָגען, וואָלט געוועזען דאָ פאַר זיי עפּיס אַזוינס, וואָס צונאַשען.

ס'איז דאָ אפילו אַ שטיקעל פערענטפערונג דעם צאַפּ, אַז ער איז גאָר ניט אַזוי גראָב שולדיג. מען בעדאַרף דאָך וויסען, אַז צו זיין אַ קהל'שער צאַפּ איז עפּיס נישט אַזא גרינגע, גיטע שטעלע. פערגעסט נישט וויפיעל ער האָט אויף זיך אַרבייט. מיט איטליכען שייגע'ץ אין שטאָדט מוז מען איבערהאָבען געשעפטען, מען מוז אַמאָל אָבאַרבייטען עסקים אינאיינעם מיט ווייסע-חברה; צונויפקומען זיך, בוצקען זיך אַמאָל דאָס מיט דעם, דאָס מיט יענעם. אומעטום בעדאַרף מען זיין, דאָ אין שול, דאָ אין מאַרק, צווישען די זיטצערענס מיט קוישליך, מיט מולטערס, דאָ מוז מען זיך פון אַלע מלאכות אַראָבחאַפּען צו דעם צו יענעם אין גאָרטען אויף ברכה-מאַכען, און נאָך ווי? אומגעבעטען. מאַכט זיך אַמאָל, יענער איז נישט צופרידען, בעקומסט דו אַ פּסק, אַזוי אַז דאָס ברכה-מאַכען פאַלט דיר אויס באַקים. דו לערענסט אַמאָל דעם פּשט דערפון, יענער אַפּנים איז געוועזען נישט צופרידען דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך פערשפּעטיגט קומען אויף כיבוד צו איהם, בכן ווילסט דו דאָך יוצא זיין און האַפּסט זיך אַריין מאָרגען טאַקי אַהין צו איהם שוין פריהער — הערט אַ מעשה, איז אויך שלעכט! האַפּסט דו נאָך איין ערגערען פּסק ווי נעכטען. — יאָ, ס'איז דאָ אַ סברא, אַז ערשט היינט, זאָל איהם נישט זיין צו קיין בושה, האָט ער געהאַט זיין עהר'ליך אויסקומעניש. ער איז געקומען שטאַרק צודרעהט. דאָס ווײדעלע זיינס איז געוועזען פערקלעמט אין אַ שפּרייזהעלצעל — און ער האָט דעריבער אויסגעלאָזט זיין שווער, ביטער האַרץ צו אונזער שלימזל.

שטעהענדיג אַזוי פעראומערט דערפיהלט אונזער שלימזל פלוצלים פון הינטען עפּיס אַ וואַרמען גלעט. עס דאַכט זיך איהם: אַהאַ, בעל-הבית... היי... סיטשקע! ער טהוט אַ הויב דעם קאָפּ און אַ שטעל אויף די אויערען. וואָס לאָזט זיך אויס? בוידעם! איינע פון די כשר'ע, בער-טאָגטע קיה האָט איהם מיט דער מאָרדע גאַנץ דעליקאַט אָנצוהערעניש געגעבען, ער זאָל זיך מוחל זיין ריקען ווייטער אַביסיל, און באַלד טאַקי זיך אָנידערגעלייגט נעבין איהם אויף נאַכטלעגער, אין דער דעה, מאָרגען, אם-ירצה-השם, אויפשטעהן כ ל ח ו ף ה ש ו ר, און היידא — צו דער אכילה, אין פעלד אַריין!

די זון פערגעהט — אין דער ערד מיט'ן קאָפּ! דער בוהאַי שטעלט זיך אין דערמיט שולהויף, בלאָזט שופר אויף זיין צוריסענע קול, גראָבענדיג מיט די הערנער אונטער זיך די ערד, פערדרייסט דעם ווײדעל —

זייט מיר געזונט! הייסט עס, און אַוועק, אַוועק. דער צאַפּ פֿערנעהמט זיינע ציגען און לאָזט זיך מיט זיי צו דער ווייבערשער שוהל, אַהין — אין זיין רוה אריין. די שוואַרץ־חנוודינע נאַכט, געציהרט, געפּוצט אין דעם טהייערען שטערנטיכעל, ווייזט זיך מיט איהר כּבוד אין שטעדטיל — און שאַ, ערגיץ נישט דאָרט קיין פּיפּס!

מען שלאָפֿט! — — —

פֿון דערווייטענס לאָזט זיך הערען טריט, אָט קומען צו נאָהענט צום וואָגען פּיס, באַלד שטעקען זיך אוים הענד — און מזל טוב מזל טוב! דער לייב אונזערער איז אַריינגעטהון מיט דעם קאָפּ אין דער אַלטער טאָרבע, חראַמקעט געשמאַק סיטשקע, עפּיס מיט אַ "יְהִי רָצוֹן", גלייך ווי ער וואָלט געגעסען האָבער.

אַבי די טאָרבע סיטשקע, אַבי עס דערגעהט איהם די קישקע פֿערגעסט ער די פֿריהערדיגע צָרוֹת. חראַמקעט זיך רוהיג, און איז, אַז אַך און וועה צו איהם, גאַנץ צופֿרידען!...

---

# אַ דראַמאַ איבער 5 קאַרטאַפּלעס.

(סקיצע).

— וואָס, מען קען שוין די קאַרטאָפֿעל אָבזייען? — האָט פֿריידע געפֿרעגט מיט אַ שטאַרק ערנסטען פּנים, קוקענדיג צום טיש, וואו איהר מאַן, שלמה דער שניידער האָט גענייהט מיט צוויי פּוֹעֲלִים.

שלמה האָט נאָך אַפּילו קיין צייט ניט געהאַט צו לאָזען די אַרבייט, ער האָט נאָך געדאַרפֿט איין אַרביל ענדיגען און צושניידען אַ פּאָר הויזען פּאַר די פּועלים, נאָר דערהערענדיג דאָס וואָרט קאַרטאָפֿעל, האָט זיך ביי איהם דער "יצר הרע" אַזוי צופֿלאַמט, אַז ער האָט גלייך אויסגערופֿען:

— וואָס פֿרעגסט דו, נאַרישע יודענע? אוודאי אָבזייען! קאַרטאָפֿעל, אַז עס ווערט פֿערטיג, זייט מען עס אָב. וואָס דען, לאָזען איבערקאָכען זיך?...

— אַליין ווייס ער! — האָט פֿריידע זיך געקרימט.

— וואָס, עפּיס גוטע קאַרטאָפֿעל? זיי צופֿאַלען — האָט שלמה געפֿרעגט, ניט בעמערקענדיג פֿריידעס קרימער...

— ווערסט עסען, וועסט דו וויסען! האָט פֿריידע בייז געענטפֿערט.

— נו, חברה! נעמט צו פֿון טיש, לאָז מען שוין עסען אָנבייסען! — האָט שלמה געקאָמאַנדעוועט מיט אַ לוסטיג פֿייעריל אין די אויגען.

די "חברה", וואָס איז בעשטאַנען פֿון צוויי דאַרע בּחוּרים'ליך, האָבען פֿלינק אַוועק־געוואָרפֿען די אַרבייט, פּונקט ווי זיי וואָלטען עס מעהר צוריק קיינמאָל ניט בעדאַרפֿט נעהמען, האָבען אַוועקגעשטעלט דעם פּרעס אונטער'ן טיש און זענען שוין געווען גרייט מיט זייערע הונגעריגע מיילער איינשלינגען דאָס, וואָס די "גוטע" בעל־הבית'טע זייערע, פֿריידע, וועט זיי דערלאַנגען.

נאָר ביי פֿריידע'ן איז עס, נאָך קענטיג, ניט אין גאַנצען פֿערטיג געוועזן. זי האָט זיך נאָך געפּאָרעט מיט גרויס פֿערטראָגענקייט אין אויווען, פּונקט ווי דאָרטען וואָלט זי היהנער געבראָטען.

אַז פֿריידע האָט שוין מיט גאָט'ס הילף די קאַרטאָפֿעל פֿון אויווען אַרויסגענומען און אַוועקגעשטעלט דאָס טעפּיל אויפֿ'ן פּריפּעטשיק, האָבען די צוויי פּועלים פֿרייער אָבגעאָטהעמט; שלמה אַליין, אַלס בעל־הבית איז מיט ברייטקייט צוגעגאַנגען צום פּריפּעטשיק, און איידער פֿריידע האָט נאָך גענומען אָבזייען, האָט ער אַ חאַפּ געטהון פֿון טעפּיל מיט די הענד אַ צוגעברענטע קאַרטאָפֿעל; די קאַרטאָפֿעל איז אָבער זעהר הייס געווען, שלמה האָט זי ניט געקענט איינהאַלטען, און זי איז אַרויסגעפֿאַלען פֿון זיינע הענד אויף ד'ר'ערד!

די צוויי פּועלים, וועלכע האָבען צום אָנהויב איהם שטאַרק מקנא געווען און ניט פֿערגינען, וואָס ער געהט צו צום טעפּיל נעהמען אַ קאַרטאָפֿעל, האָבען זיך ווי מיט נקמה צולאַכט אויף די שרעקליכע סיבה און פֿריידע האָט אויפֿגעעפֿענט איהר מויל און האָט אָנגעהויבען צו שרייען:

— אַ קאַרטאָפֿעל געפּטר'ט! טריפה האַלז! איינהאַלטען קען זיך דאָס ניט, אַזוי ווי איך וואָלט עס געטראָגען פֿערקויפֿען.

שלמה'ן האָבען פֿריידעס קולות קיינמאָל ניט געאַרט, בּפרט ווען עס געהט אין אַ קאַרטאָפֿעל, און ווען זי האָט שוין די קאַרטאָפֿעל געזייעט, האָט ער זיך מַכין געווען ווידער אַ חאַפּ מהון פֿון טעפּיל אַ קאַרטאָפֿעל, נאָר פֿריידע בעמערקענדיג עס (אוי, האָט פֿריידע שוין געקאָנט איהם!) האָט מיט אַ ווילדען כּעס אַ געשריי געטהון:

— דו לאָזט מיר פֿרעסער, אָבזייען די קאַרטאָפֿעל, צי ניט, וואָרום איך שיט אויס באַלד דעם טעפּיל קאַרטאָפֿעל אויף ד'ר'ערד.

שלמה האָט מורא צו ליעב איין קאַרטאָפֿעל פֿערשפּיעלען די גאַנצע, און קוקענדיג מיט אַפּעטיט אויפֿ'ן טעפּיל, איז ער זיך נעגאַנגען וואַשען.

— איהר האָט, אַ פּנים, מורא פּאַר הייסע — האָט ביי'ן וואַשען זיך איין דאַרער פּועל, בערציק, געפּרופֿט מאַכען אַ שמועס, וועגען דער אַראָבגעפֿאַלענער קאַרטאָפֿעל.

שלמה האָט איהם גאָר נישט געענטפֿערט, נאָר מיט אַ שאַרפֿקייט אויף איהם אַ קוק געטהון. דער פּועל האָט חרטה געהאַט וואָס ער האָט דעם "בעל הבית" אויפֿגערייצט פֿאַר'ן "אָנבייסען" און האָט אין האַרצען אַ נדר גענומען קיין זייטיגע זאַכען מיט'ן בעל הבית קיינמאָל ניט רעדען. "חאַפּט איהם דער רוּחַ, הענגט ער זיך אויף!"...

דער "עולם" האָט זיך געזעצט צום טיש. פֿריידע האָט פֿריהער דערלאַנגט דאָס ברויט, נאָכדעם האָט זי צוגעטראָגען אַ פּאָר זויערע אוגערקעס מיט ראָסעל.

— גוט! גוט! — האָט שלמה געלויבט. קאַרטאָפֿעל האָט ליעב אַ זויערן אוגאָרעק, דאָס ליגט אַזוי אין דער טבע... גוט — גוט!.

באַלד האָט פֿריידע אַוועקגעשטעלט אויפֿ'ן טיש אַ גרויסע לעדיגע שיסעל. דאָס איז געווען אַ מין דריטער קלונג, אַז קאַרטאָפֿעל געהט! און ווירקליך האָט אין אַ רֶגַע אַרום פֿריידע צוגעטראָגען דאָס טעפּיל און האָט מיט גרויס בּריה'שקייט איבערגעקעהרט און אָנגעהויבען שיטען אין שיסעל אַריין. שלמה האָט געקוקט ווי די קאַרטאָפֿעל האָבען פֿרעהליך איינע נאָך דער אַנדערער געיאָגט זיך און געפֿלויגען מיט שמחה און ער האָט העכסט צופֿריעדען אויסגערופֿען:

— גוט — גוט! אַ חוואַט! נאָר דאַכט זיך אַז ווענִיגליך אַביסיל!— האָט ער צום סוף געמאַכט אַ בעמערקונג, זעהענדיג, אַז די שיסעל איז ניט פֿול.

— עס וועט דיר זיין גענוג צו לעבען! — האָט פֿריידע מיט רוגזא געענטפֿערט.

שלמה האָט די ערשטע קאַרטאָפֿעל גענומען, נאָך איהם האָבען גענומען די צוויי בלייכע דאַרע פּועלים, הערציק, און בערציק, און די

סעודה האָט זיך פרעהליך אנגעהויבען. ביי דער צווייטער קאַרטאָפעל איז שלמה אַריין אין זיין ראָלע און האָט פערקאַרשערט אַביסיל די היטיל, ווי זי וואָלט איהם געשטערט צו שלינגען און די צוויי דאַרע, בלייכע פועלים האָבען ווילד געגלאָצט די אויגען; די קאַרטאָפעל איז פאַר זיי צו הייס געווען. וואַרטען וויעדער, זיי זאָלען זיך אַביסיל אָב־קיהלען האָבען זיי מורא געהאַט, אַז ר' שלמה זאָל זיי מיאוּס ניט אָב־טהון און זיי האָבען געשלונגען הייסע שטיקער, גלאָצענדיג מיט די אויגען...

---

אַז שלמה האָט געהאַלטען שוין ביי דער זעקסטער קאַרטאָפעל, האָט זיך די טהיר געעפענט, און עס איז אַריין אין שטוב הייענע די שוסטערקע, וואָס האָט געוואָהנט געגענאיבער און האָט זיך געהאַלטען מיט פריידע אין קרובה־שאַפט. שלמה אַליין, צווישען אונז זאָל עס בלייבען, האָט אפילו אויך ניט געשטאָמט פון גרויסען יחוס, פון דעסט־וועגען האָט ער זיך מיט דער שוסטערין אַביסיל געשעמט, וועניגסטענס ניט צופריעדען געווען מיט איהר און פלעגט זי ניט ליידען.

— וואו איז פריידע ? — האָט הייענע געפרעגט קוקענדיג צום טיש, וואו די חברה האָט „געריבען" די סעודה.

— איך וויים וואו! האָט שלמה טרוקען ארויסגעברומט — מסתמא אין קיך!

— איך בין דאָ, חייענע! — האָט זיך געהערט פריידעס קול פון קיך.

פריידע איז אַרוים פון קיך.

— מען דאַרף אַנקאַרמענען אַזא „צעקער", אַזא „פלוימע"! — האָט זי זיך געקלאָגט פאַר הייענען, רק מען פאַרעט זיך, ברוך השם!

— דו האָסט היינט גאָר נעקאָכט אויף אַנבייסען קאַרטאָפעל? — האָט הייענע געפרעגט, קוקענדיג מיט הונגריגע אויגען צום טיש.

— יאָ, קאַרטאָפליעס, — האָט פריידע געענטפערט ווי מיט אַ זיפץ, — איך האָב אפילו קיין צייט ניט צו עסען. נעם הייענע, אַ קאַרטאָפעל, – האָט זי ענדליך צוגעלענט, ווי מיט אַ האַלבען מויל.

שלמה האָט מיט כּעס אַ הוסט געטהון, און די צוויי פועלים זענען בלייכער געוואָרען.

— מען דאַרף טאַקי פערזוכען אַ קאַרטאָפעל — האָט חייענע געזאָגט, צוגעהענדיג צום טיש נעהנטער.

שלמה האָט זיך נערוועז אַ הייב געטהון פון באַנק און זיך צוריק אַראָבגעלאָזען, ניט וויסענדיג וואָס צו טהון פאַר כּעס.

— טייערע קאַרטאָפעל! — האָט הייענע געלויבט, עסענדיג די קאַרטאָפעל מיט גרוים אַפעטיט.

„זאָל איהר באָקאָם אַרוים!" — האָט שלמה אין האַרצען גע־שאָלטען.

— גאָר גוטע קאַרטאָפעל, וואו האָסטו דאָס געקויפט? — האָט הייענע אַליין געלויבט און גענומען נאָך איינע.

שלמה האָט אַ ציטער געטהון. ווען ער וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט ער אַ חאַפּ געטהון די שיסעל צו זיך און ניט לאָזען, נאָר ער איז אַזוי שטאַרק ניט געווען און ער האָט נור זעהר כּעס׳דיג געהוסט.

— וואוילע קאַרטאָפעל, עס צוגעהט אין מויל! — האָט חייענע אַליין געלויבט און האָט גענומען אַ דריטע קאַרטאָפעל.

— „אַ רוח אין איהר טאַטען אַריין, וואָס איז דאָס פאַר אַ העזה!" — האָט שלמה שטיל געקאָכט. „דעם מת וועל איך איהר פלעטען!"...

— מאָרגען, אם ירצה השם, דאַרף מען אויך קאָכען קאַרטאָפעל — איך האָב שוין לאַנג ניט געקאָכט.

— אַז מען האָט ניט, קאָכט מען ניט, עסט מען ניט — האָט שלמה געברומט אָהן צוזאַמענהאַנג, נאָר פאַר ווילדען חשק צו שטערען דער אָרימער קבצנ׳טע, דער מאוסער שוסטערקע, וואָס פרעסט אויף זיינע קאַרטאָפעל.

— ניין, ניט דאָס! — האָט הייענע, ניט פערשטעהענדיג שלמה׳ס כּעס געענטפערט און האָט גענומען נאָך אַ קאַרטאָפעל. — איך האָב קיין צייט ניט צו שיילען...

— „שלעכט!" האָט שלמה געטראַכט און אַ וואַרף געטהון אַ פער־צווייפעלטען בליק צו די צוויי פועלים, ווי ער וואָלט זיי געזאָגט: חברה וואָס שווייגט איהר, ראַטעוועט! שוין פיער קאַרטאָפעל! — די פועלים האָבען אָבער נאָר נישט פערשטאַנען און הייענע האָט גענומען אַ פינפטע קאַרטאָפעל . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— רו!!! — האָט שלמה ווילד אויסגעברומט, אַז הייענע א׳ז אַרוים, — רו!!! וואָס האָסטו איהר געבעטען עסען קאַרטאָפעל, האָ? „בעל צדקה!"

— איך וויים, — האָט פריידע, ווי פערשולדיגט געענטפערט, — מען קען דאָך ניט זיין קיין „חזיר" — אַ מענש געהט אַריין, בעט מען עסען, זי דאַרף דאָך אָבער אויך קיין הזיר ניט זיין, זי דאַרף דאָך אָבער האָבען איהר איינענע איידעלקייט און ניט עסען.

— דיינע אַ קרובה וועט האָבען איידעלקייט! — האָט שלמה געברומט.

דיינע קרובים זענען טאַקי זעהר איידעל! לויבטשי דיין טייערער פעטער, אַז ער קומט אַמאָל שבת פרעסט ער אויף אַליין...

— שווייג! — האָט שלמה זיך צוקאָכט, דערזעהענדיג שוין באַלד די דעק פון שיסעל און דערמאָנענדיג זיך, אַז ווען די שוסטערין וואָלט ניט אַריין וואָלט נאָך מיט פינף קאַרטאָפעל מעהר געווען — אויף זיין הלק צוויי און אפשר דריי...

— איך האָב מורא פאַר דיר טאַקי! — האָט פריידע זיך ניט אוטערגעגעבען. בערציק און הערציק האָבען גענומען נאָך צו קאַרטאָפעל. די שיסעל איז נאָך לעדיגער געוואָרען, און שלמה׳ן האָט זיך נאָך גע־וואָלט, אַזוי שטאַרק געוואָלט שלינגען זיי און שלינגען אָהן אַ סוף, אַז די פינף קאַרטאָפעל, וואָס הייענע, די מאוסע שוסטערין, האָט אויפ־געפרעסען האָבען איהם רוהען ניט געלאָזט, און ער האָט וויעדער אַ ברום געטהון:

— דו שווייגסט! ?... איך פלעט דיר דעם מת.

— איך לאַך פון דיר! — האָט פריידע זיך ניט געוואָלט אונטער־געבען.

די שיסעל איז לעדיג געוואָרען. אויף שלמה׳ן איז אַנגעפאַלען אַ ווילדער כּעס: די פינף קאַרטאָפעל האָבען איהם באמת געפעהלט און ז י לאַכט נאָך פון איהם. — זי, וואָס זי האָט אַזאַ פרעסערין פאַר אַ קרובה. ער האָט פאַר כּעס ניט געקענט רעדען.

ער האָט נור געזוכט עפּיס אויפ׳ן טיש, דאָס האַרץ איז געווען איבער פול מיט רציחה. פריידע האָט בעמערקט זיין רציחה, און עס האָט איהר אויך שרעקליך פערברענט; זי האָט אפילו איין קאַרטאָפעל ניט

פֿערזוכט, זי האָט קיין צייט ניט געהאַט, און ער האָט זיך אַנגעפּ־עסען, ווי איין פֿויער און ער שרייט נאָך, און זי האָט אַ געשריי געטהון:

— גזלן דו, פֿרעסער, שכּור!

— וואו איז די שעער? די שעער? די שעררר!! — האָט שלמה פֿאַר רציחה געשריען. איך וועל איהר פֿלעטען דעם מה.

און די שטוב האָט זיך געהויבען אין לופֿטען...

אבֿרהם רייזען.

## מעדיצינישע ידיעות.

### II.

די וועלט ווערט וואָס אמאָל קלינער און פֿאַרזיכטיגער, מען איז שוין נעקומען צום שׂכל, אַז אָבהיטען זיך נישט קראַנק צו ווערען איז אַסך גרינ־גער און אפילו וועלוועלער, ווי אויסהיילען אַ קראַנקהייט, וועלכע האָט זיך שוין אַריינגעגנבֿ'ט אין גוף. מען מוז אָבער וויסען, ווי אַזוי זיך אָבצוהיטען, מען מוז האָבען ידיעות, ווי אַזוי זאָל מען זיך קליידען, בשעת ס'איז קאַלט און בשעת ס'איז וואַרים, ווי אַזוי איינצוריכטען די וואָהנונג, וואָס צו עסען און ווען, וויפֿיעל צו אַרבייטען און ווי אַזוי, מען מוז האָבען אַ בעגריף וועגען דער גרויסער פּעולה פֿון ריינקייט אויפֿ'ן גוף. די אַלע נויטהיגע ידיעות גיט אונז די וויסענשאַפֿט, וועלכע הייסט היגיענע.

צו דערצעהלען דעם שבֿח פֿון דער חכמה און בריינגען ראיות פֿון דער סטאַטיסטיק — איז גאַנץ איבריג, איך וועל נור זאָגען גאַנץ בקיצור, אַז די מענשען, וועלכע לעבען היגיעניש, זענען געזונדער, קריינקען ווייניגער און לעבען לענגער, ווי די, וועלכע האַלטען נאָך נישט פֿון דער נוצלי־כער וויסענשאַפֿט און זענען יוצא מיט אַרומלויפֿען פֿון איין דאָקטאָר צום צווייטען, פֿון איין זנאַחאַר — אָדער להבדיל אַ גוטען יוד צום אַנדער, בשעת די קראַנקהייט האָט זיך שוין ענטוויקעלט.

היגיענע האָט זיך אין די לעצטע יאָהרען זעהר ענטוויקעלט, זי בע־שעפֿטיגט זיך מיט אַלעם, זי איז אַריינגעקראָכען אפילו אין די טיעפֿע פֿינס־טערע לעבער פֿון די בערג־אַרבייטער און שטרעבט ווי ווייט מעגליך צו פֿערבעסערן זייער לאַגע און אָבצוהיטען פֿון אומגליקליכע פֿעלע. ס'איז זעהר לייכט צו פֿערשטעהן, אַז ביי יעדער מלאָכה, סיי ביי זיך אין דער היים, סיי אין וואַרשטאַטען אָדער פֿאַבריקען איז אַסך גרינגער און מעגלי־כער צו האַפּען עפּיס אַ קראַנקהייט, ווי זיצענדיג רוהיג אין דער היים, אין געוועלב אָדער אין קאַנטאָר.

אַרבייטער געפֿינען זיך גאַנצע טעג אָדער אין דרויסען, וואו ס'איז לייכט קראַנק צו ווערען פֿון פֿייכטיגקייט, קעלט, ווינט, רעגען, היטץ, שטויב א. ז. וו. אָדער אין וואַרשטאַטען און פֿאַבריקען, וואו ס'איז ענג, אומריין, פֿערדאָרבענע לופֿט און שלעכטע בעלייכטונג.

אַרבייטער אָטהעמען אַריין אין זיך אַסך שטויב, פֿאַרע אָדער פֿער־שיעדענע שעדליכע גאַזען, האָבען צו טהון מיט פֿערשיעדענע גיפֿטען און זאַכען, וועלכע קענען אַנשטעקען מיט קראַנקהייטען.

אַרבייטער זענען אונטערוואָרפֿען פֿערשיעדענע אומגליקליכע פֿעלע דורך די מאַשינען און אַנדערע סכּנות אַסך מעהר, ווי אַנדערע מענשען. און דערפֿאַר איז זעהר וויכטיג צו וויסען, מיט וואָס איז אַ געוויסע מלאָכה שעדליך און ווי אַזוי קען מען זיך אָבהיטען פֿון סכּנות.

די אַלע ידיעות קענען מיר בעקומען פֿון דער היגיענע; און אַזוי ווי ס'איז געוועזען ביז איצט וואָהנונג־היגיענע, ערנאָהרונג־היגיענע, שול־היגיענע א. ז. וו. האָבען מיר שוין איצט אַ בעזונדער אָבטהיילונג זעהר גוט בע־אַרבייטעט, מלאָכות — היגיענע, מיט וועלכער איך וועל בעקאַנט מאַכען פֿון צייט צו צייט די יודישער לעזער.

(פֿוילען — גאַנגרענאַ — פֿון די צייהן ביי צוקערבעקער).

בעקערייַ איז איבערהויפּט אַ זעהר שעדליכע מלאָכה: מען אַרבעט שטענדיג אין שטויב פֿון מעהל אָדער צוקער, מען האָט נישט קיין אָברוה ביי נאַכט, ביים אויווען איז היים, ווי אין גיהנם, און ווי מען דרעהט זיך אָב, איז אַסך קעלטער; בעקער זענען געוועהנליך ביי דער אַרבייט אַנגע־טהון לייכט, טרינקען אַסך קאַלט וואַסער און פֿערקיהלען זיך אָפֿט; פֿון שטענדיגען שטעהן בעקומען זיי אַנגעשוואָלענע פֿיס און מכּות.

ס'איז לייכט צו פֿערשטעהן, אַז ס'איז זעהר שווער — ביים איצטיגען שטאַנד פֿון בעקערייַ — זיך אָבצוהיטען פֿון די אַלע שעדליכע זאַכען.

איך וויל דעריבער איצט נור אויפֿמערקזאַם מאַכען אויף איין קראַנק־הייט, וועלכע טרעפֿט זיך זעהר אָפֿט ביי צוקערבעקער און פֿון וועלכער מען קען דאָך זיך אָבהיטען. די סטאַטיסטיק ווייזט אויס, אַז צוקערבעקער און איבערהויפּט אַרבייטער, וועלכע האָבען צו טהון מיט צוקער, האָבען שוין צו 25-26 יאָהר 60 פּראָצענט פֿערפֿוילטע צייהן אָדער אין גאַנצען אַרויסגעפֿאַלענע, און צו פֿערציג יאָהר — 80 פּראָצענט. ווי אַזוי אייגענטליך שאַדט צוקער די צייהן?

פֿון דעם צוקער, וואָס געפֿינט זיך אין מויל, ווערען אויסגעאַרבעט דורך די באַקטעריען, וועלכע געפֿינען זיך דאָרט שטענדיג, זעהר אַסך, פֿערשידענע זויערקייטען. די זויערקייטען עסען אויף ביסליכווייז דעם קאַלעך פֿון די צייהן.

כּל־זמן די צייהן האָבען אויף זיך קאַלעך, קענען די באַקטעריען קיין שום שליטה נישט האָבען צו זיי, אָבער ווי באַלד דער קאַלעך ווערט פֿערשוואונדען, בעפֿאַלען די באַקטעריען אויף די צייהן, און זיי הויבען אָן צו פֿוילען.

ביי אַלע מענשען, וועלכע זענען נישט אָבגעהיט מיט ריינקייט פֿון מויל, פֿוילען די צייהן, ווייל די רעשטליך פֿון עסען, וואָס בלייבען איבער צווישען די צייהן, האָבען אין זיך צוקער, ובפֿרט ביי צוקערבעקער, וועלכע האָבען אין מויל אַסך פֿאַרטינען צוקער אָדער קראָכמאַל, פֿון וועלכען ס'ווערט לייכט צוקער.

די שעדליכע פּעולה פֿון צוקער זעהט מען שוין אויפֿ'ן צווייטען, דריטען יאָהר ביי אַרבייטער מיט שוואַכע צייהן, אַרבייטער מיט געזונדע צייהן האַלטען אוים 6-8 יאָהר.

און ווי ווייט פֿערפֿוילטע צייהן שאַדען דעם גוף איז זעהר לייכט צו פֿערשטעהן: ערשטענס, ווערט דאָס עסענוואַרג שלעכט צוקייט און ווענינ אויסגעמישט מיט שפּייכעל, מען שלינגט אַראָב גאַנצע שטיקער, וועלכע ווערען שווער און שלעכט פֿערדייט. דערפֿון ענטוויקעלן זיך פֿערשידענע מאַגען־און דאַרם־קראַנקהייטען.

צווייטענס, זענען פֿערפֿוילטע צייהן נעסטער פֿאַר פֿערשידענע באַק־טעריען, וועלכע צוגעהען זיך אין גאַנצען גוף און קענען אַרויסרופֿען אַסך קראַנקהייטען.

כּדי זיך אָבצוהיטען דערפֿון, מוז מען:

1) האַקען און מאָהלען צוקער אין פֿערמאַכטע שטויסלען אָדער מיהלען.

2) איבערוויילען דעם צוקער אין פֿערמאַכטע ווייערם.

3) קאָכען דעם צוקער אויף אַזאַ אופֿן, אַז די פֿאַרע זאָל אַרויס־געצויגען ווערען אין דרויסען.

4) אָפֿט שווענקען און ריינינגען דאָס מויל מיט וואַרים וואַסער.

5) איינמאָל אין יאָהר ווייזען די צייהן אַ דענטיסט. און

6) מענשען, וועלכע האָבען שוואַכע צייהן, זאָלען נישט ווערען קיין צוקערבעקער.

(ארכיוו פֿיר אונפֿאַלהיילקונדע באַנד III)

(איבער קאַווע).

קאַווע, אַלס געטראַנק, האָט מען אָנגעהויבען צו נוצען ערשט אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 15־טען יאָהרהונדערט. אין אַראַביען האָבען געטרונקען קאַווע די גייסטליכע, בשעת זיי האָבען אָבגעריכט חצות, כּדי זיי זאָלען נישט איינשלאָפֿען אין מיטען די תּפֿלות. די ערשטע קאַוויאַרניא אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט מען געעפֿענט אין יאָהר 1554, אין מאַרסייל אין יאָהר 1671, אין פּאַריז אין יאָהר 1669 און אין דייטשלאַנד אין יאָהר 1694, דאָס ווילדע בוימיל פֿון קאַווע האָט געוואַקסען פֿון אָנהויב אין קאַפֿפֿאַ און ענאַרקאַ אין דרום פֿון אַביסיניען; שפּעטער האָט מען קאַווע־בוימליך איבערגעפֿלאַנצט קיין אַראַביען און פֿון דאָרט האָט מען עס איבערטראָגען אויף די גאַנצע וועלט. איצט וואַקסט קאַווע אין אַראַביען, יאַוואַ, ציילאָן, צעלעבעס, מאַרטיניקאַ, בראַזיליען און אין נאָך אַנדערע געגענדען. אין יאָהר

1898 האָט מען אַריינגעפֿיהרט קיין דייטשלאַנד פֿאַר 137 מיליאָן מאַרק קאַווע. דערפֿון איז לייכט צו פֿערשטעהן וויפֿיעל מען נוצט איצט קאַווע.

קאַווע בעשטעהט כעמיש פֿון וואַסער, פֿערשידענע פֿעטס, צוקער, וויערקייטען, עהלען און פֿון אַ גיפֿט, וואָס ווערט אָנגערופֿען קאָפֿפֿעין. קאָפֿפֿעין איז זעהר עהנליך צו טעין, וועלכער געפֿינט זיך אין טהיי. קאָפֿפֿעין איז דאָ אין קאַווע ביז $1\frac{1}{2}$ פּראָצענט. ריינער קאָפֿפֿעין קאָן דערהרג'נען קליינע חיות, אויף אַ מענש ווירקט ער אויך, ווי אַ גיפֿט: מען בעקומט הערצקלאַפּען, קאָפּדרעהעניש ס'רוישט אין די אויערען, פֿונקען שוועבען פֿאַר די אויגען און ס'טרעטען אַרויס נאָך פֿערשיעדענע סמָנים פֿון מוח־רייצונג. אַלס ערנעהרונג האָט קאַווע קיין שום ווערטה נישט, ווייל זי האָט אין זיך זעהר וועניג איווייס.

קאַווע רייצט זעהר די נערוועו, פֿון וועניג קאַווע ווערט מען אפילו אַביסיל אויפֿגעהייטערט, פֿון אסך אָבער ווערט מען מיעד און שלעפֿעריג.

זעהר שעדליך ווירקט קאַווע אויף די נערוועו פֿון יונגע קינדער און דערפֿאַר טאָר מען זיי נישט געבען צו טרינקען שוואַרצע קאַווע.

מענשען, וועלכע אַרבייטען מיט'ן מח, מענשען נערוועזע אָדער אַזעלכע, וועלכע זענען, וואו מען זאָגט, הייס געבאָדען, בדויכען אויך קיין קאַווע נישט צו טרינקען. קאַווע קומט זעהר צו נוטץ ביי פֿערשידענע קראַנקהייטען. אַז מען געוועהנט זיך אָבער צו איהר פֿון יונגווייז אָן, הערט זי אויף צו ווירקען אפילו דעמאָלט, ווען מען ברויך זי נויטהיג. מיט קאַווע קען מען טאַקי אָוועקיאָגען דעם שלאָף, מען בעקומט אָבער שפּעטער הערצקלאַפּען, אַ שווערען אָטהעם מיט קאַלטען שווייס און אַ שלעכטען מאָגען. דער בערירהמטער געלעהרטער פּעטטענקאָפֿפֿער פֿלעגט זאָגען, אַז די פּעולה פֿון קאַווע אויפֿ'ן מענש איז ווי אַ בייטש פֿאַר'ן פֿערד: ס'לויפֿט טאַקי גיכער, אָבער קיין האָבער קען אַ בייטש דאָך נישט פֿערטרעטען.

זעהר שעדליך איז קאַווע פֿאַר פֿרויען בשעת זיי זייגען; די מיינונג, אַז פֿון קאַווע האָט מען אסך צו זייגען, איז פֿאַלש, נעווים, אַז מען טרינקט אסך, האָט מען מעהר מילך אין די בריסטען, די מילך איז אָבער שיטער און וואַסעריג, און אויסער דעם ווירקט די קאַווע שלעכט אויף די זייגקינדער: זיי שלאָפֿען שלעכט, ווערען אומרוהיג און ליידען אויף עֲצירוּת.

(היגיענישע צייטונג „זדראַוויע" מאָנאַט מאַי).

ד"ר ג. לעווין.

---

# יודישע געשטאַלטען אין דער וועלטליטעראַטור.

פֿון י"ל ברוכאָוויטש. בערן.

## נָתָן דער חָכָם.

(פֿאָרטזעטצונג)

די תשובה איז בעשטאַנען אין פֿאָלגענדען משל:

„אַמאָל פֿאַרצייטען האָט געלעבט אין מזרח־לאַנד אַ מענש, וועלכער האָט געהאַט אַ טייערען רינג, וואָס זיין ווערט איז געווען גאָר ניט אָבצושאַטצען און וועלכען ער האָט געקראָגען אויס דער האַנד פֿון אַ מענשען, וואָס איז איהם געווען זעהר ליעב. דער שטיין פֿון איהם איז געוועזן אַ אָפּאַל, וועלכער האָט געגלענצט פֿון הונדערטע פֿאַרבען און וועלכער האָט געהאַט דעם וואונדערבאַרען כח, צו מאַכען אָנגענעהם פֿאַר גאָט און פֿאַר מענשען יענעם, וואָס האָט איהם געטראָגען מיט בטחון. דאַרף אונז דען וואונדערן דאָס דער דאָזיגער מאַן פֿון מזרח־לאַנד האָט דעם רינג קיין מאָל ניט אַראָבגענומען פֿון פֿינגער און דאָס ער האָט פֿערזאָגט אַז דער רינג זאָל אייביג בלייבען אין זיין פֿאַמיליע? און אַזוי איז עס איז געווען. ער האָט דעם רינג איבערגעלאָזען דעם געליעבטעסטען פֿון זיינע זיהן און איהם אָנגעזאָגט אין זיין צוואה, דאָס אויך ער זאָל איבערלאָזען דעם רינג דעם פֿון זיינע קינדער, וועלכער עס וועט איהם זיין אַם ליעבסטען, און דאָס דער געליעבטעסטער, ניט קוקענדיג אויף זיין געבורט זאָל אייביג זיין דער אָבערהויפּט און דער פֿירסט פֿון הויז נור דורך די קראַפֿט פֿון רינג אַליין".

„אַזוי איז דער רינג איבערגעגאַנגען פֿון איין זוהן צום אַנדערען, ביז ער איז צולעצט אָנגעקומען צו אַ פֿאָטער פֿון דריי זיהן, וועלכע זענען אַלע דריי גלייך גוט געווען, און וועלכע ער האָט מחמת דעם אַלעמען גלייך ליעב געהאַט. נור פֿון צייט צו צייט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז מעהר ווערט צו טראָגען דעם רינג איז באַלד דער, באַלד יענער באַלד דער דריטער, וואָס פֿלעגט אָבהענגען פֿון דעם, מיט וועמען פֿון די זיהן ער פֿלעגט בלייבען אַליין. דער אַלטער פֿאָטער האָט אויך געהאַט די שוואַכקייט, דאָס צו זאָגען יעדעם מאָל בעזונדער יעדעם פֿון זיינע זיהן, אַזוי איז געגאַנגען כל זמן עס איז געגאַנגען. אַז עס איז אָבער געקומען די צייט צו שטאַרבען, האָט דער גוטער פֿאָטער ניט געוואוסט וואָס צו טהון. ער האָט ניט געקאָנט מצער זיין צוויי פֿון זיינע זיהן, וועלכע האָבען זיך פֿערלאָזען אויף זיין וואָרט. וואָס זאָל ער דאָ טהון? בסוף האָט ער געשיקט רופֿען אַ קינסטלער; ער האָט בעשטעלט ביי איהם נאָכדעם מוסטער פֿון זיין רינג צוויי אַנדערע און האָט איהם געהייסען ניט שפּאָרען קיין מיה און קיין קאָסטען, זיי צו מאַכען פּונקט גלייך מיט יענעם, עס זאָל ניט פֿעהלען אַ האָהר. דעם קינסטלער איז עס געראָטען. אַז ער האָט געבראַכט די רינגען, האָט אפילו דער פֿאָטער ניט געקאָנט אונטערשיידען זיין אייגענעם מוסטעררינג. מלא שמחה האָט ער גערופֿען צו זיך זיינע זיהן, יעדערען בעזונדער, ער האָט געגעבען יעדערען בייזונדער זיין ברכה און זיין רינג. — און איז געשטאָרבען." — „קוים איז דער פֿאָטער געשטאָרבען, איז געקומען יעדערער מיט זיין רינג און יעדערער האָט געוואָלט ווערען דער פֿירסט פֿון הויז. מען האָט אָנגעהויבען אויסצופֿאָרשען, מען האָט זיך געאַמפּערט און געשטריטען, נאָר אומזיסט; דעם רעכטען רינג האָט מען ניט געקאָנט דערוויזען, — (נאָך אַ פּויזע, אין וועלכער ער האָט ערוואַרטעט דעם סולטאַנס תשובה) כמעט אַזוי ווי מיר קאָנען איצט ניט דערווייזען — וועלכע איז די אמת'ע אמונה.

מיט דעם מָשָל פֿון די רינגען האָט אייגענטליך נתן זיין ציעל שוין דערגרייכט. צו בעווייזען, וועלכע אמונה איז די אמת'ע, איז אויך אַזוי אונמעגליך, ווי צו בעווייזען וועלכער רינג איז דער ריכטיגער. יעדע אמונה פֿון די דריי אמונות ווערט געהאַלטען פֿון איהרע אָנהייגער פֿאַר די אמת'ע אמונה, וואָס איז געגעבען געוואָרען פֿון גאָט און כל זמן גאָט אַליין וועט ניט קומען און מְגַלֶה זיין, וועלכע פֿון זיי שטאַמט פֿון איהם — וועט דאָס בלייבען אַ אייביגער סוד. סאַלאַדין אָבער האָט פֿערשטאַנען אונטער אמונה נור די אויסענווענינסטע זייט, וועלכע יעדער גלויבען נעמט אָן, די מִנְהָגִים און מצוות, וועלכע יעדער אָנהייגער פֿון אַ געוויסען גלויבען מוז ערפֿילען, ווי ער האָט זיך אויפֿצופֿיהרען בנוגע אויף שפּייז און געטראַנק אין קליידונג, וואָס עס איז איהם אָסור אָדער מותּר און דערגלייכען. און דערום האָט סאַלאַדין אויסגערופֿען אין כעס, דאָס דער משל איז ניט גלייך צום נמשל, ווייל עס איז זעהר לייכט צו אונטערשיידען איין רעליגיאָן פֿון דער אַנדערער און מען קאָן אויך בעשטימען, וועלכע צייכענט זיך אויס אַם בעסטען דורך איהרע מצוות און מנהגים. דערויף האָט איהם נתן געענטפֿערט, דאָס עס איז אונמעגליך צו אונטערשיידען די רעליגיאָנען נאָך זייערע יסודות. די נשמה פֿון יעדער אמונה בלייבט אונענטדעקט און דאָס וואָס ערשיינט פֿאַר אונזערע אויגען, איז מעהר ניט ווי איהר קליפּה און אויסענווענינסטע געשטאַלט, וועלכע מען קאָן ניט פֿערגלייכען איינע מיט דער אַנדערער, ווייל זיי זענען ענג פֿערוואַקסען מיט דעם לעבען און דער געשיכטע פֿון זייערע אָנהייגנערס. „זענען דען ניט די רעליגיאָנען צוזאַמענגעקניפּט מיט דער היסטאָריע?" — אַזוי ערקלערט נתן זיין געדאַנקען — „אויף דער געשריעבענער אָדער

מינדליכער, אַליִך איינס! און די היסטאָריע מוז דאָךְ ווערען אָנגענומען אויף בטחון און נאמנות—ניט אמת? און אין וועמעס בטחון און נאמנות צווייפעלט מען אַם ווענינגסטען? איז דען ניט אין אונזערע אייגענע, קרובים׳ס וואָס מיר שטאַמען אָב פון זייער בלוט, וואָס האָבען אונז פון דער קינדהייט געגעבען פּראָבען פון זייער ליעבע, וואָס האָבען אונז קיין מאָל ניט אָבגענאַרט, סיידען עס איז פאַר אונז בעסער געווען אָבגענאַרט צו זיין? — ווי קאָן איך מיינע עלטערן ווענינער גלויבען, ווי דו דיינע עלטערן? אָדער אומגעקעהרט: קאָן איך פון דיר פערלאַנגען, אַז דו זאָלסט האַלטען דיינע עלטערן פאַר ליגנערס, כדי ניט אָבצולייקענען מיינע עלטערן? אָדער אומגעקעהרט? דאָס נעמליכע גילט אויך פון די קריסטען. ניט אמת?"

מיט אַנדערע ווערטער: מיר קאָנען קיין מענשען ניט פעראַנטוואָרטליך מאַכען דערפאַר, וואָס ער האַלט זיך אָן דער אמונה פון זיינע עלטערן, אַזוי ווי מיר קאָנען איהם ניט פעראַנטוואָרטליך מאַכען דערפאַר, וואָס ער איז געבאָרען געוואָרען פון אַזעלכע עלטערן און ניט פון קיין אַנדערע. די דאָזיגע אמונה איז אַ טהייל פון זיין נשמה און איז ענג צוזאַמענגעקניפּט מיט זיינע געדאַנקען, געפיהלען און עראינערונגען, און מיר קאָנען פון איהם ניט פערלאַנגען, דאָס ער זאָל זיך דערפון אָבזאָגען. פון דור דורות האָט ער בירושה, דאָס גאָט האָט זיך אַמאָל בעוויזען צו זיינע אבות אבותיו און זיי איבערגעגעבען די און די תורה, די און די מצות, און ווי איז עס מעגליך פון איהם צו פאָרדערן, דאָס ער זאָל פּלוצלינג אָנהויבען צו גלויבען אין דאָס, וואָס עס איז איהם אין גאַנצען פרעמד, וואָס ער האָט עס ניט דורכגעלעבט און דורכגעפיהלט און וועגען וואָס פערזיכערן איהם אַלע אַנדערע, אַז דוקא אַזוי האָט גאָט געהייסען?" — נאָר לאָמיר הערען נתן׳ס געדאַנקען איבער די רעליגיאָן איבערהויפּט, וואָס פאַר אַ ווערט זי האָט און אין וואָס בעשטעהט איהר אמת׳ע בעדייטונג:

„ווי געזאָגט, — דערצעהלט ער ווייטער זיין מעשה, — האָבען זיך די זיהן אָנגעהויבען צו משפּט׳ן און יעדערער האָט געשוואָרען פאַר׳ן ריכטער, דאָס ער האָט געקראָגען דעם רינג גלייך פון דעם פאָטערס האַנד — וואָס עס איז אויך אמת — נאָכדעם ווי ער האָט שוין לאַנג פון איהם געהאַט דעם צוזאָג צו קריגען אַלע רעכטע, וועלכע זענען פערבונדען מיט דעם רינג — וואָס עס איז ניט ווענינער אמת. דער פאָטער, אַזוי האָט יעדערער פערזיכערט, האָט ניט געקאָנט זיין פאַלש געגען איהם, און איידער ער זאָל אזא ליעבען פאָטער׳ חושד זיין אין אזא זאַך, מוז ער בעסער פערקלאָגען זיינע ברידער, — הגם ער איז גערן גרייט צו גלויבען פון זיי דאָס בעסטע, — און זיי בעשולדיגען וועגען פאַלשקייט און זיך נוקם זיין אין זיי. דער ריכטער אָבער האָט געזאָגט: אויב איהר וועט מיר ניט תיכף שאַפען אייער פאָטער אויפ׳ן אָרט, וועל איך אייך אַוועקטרייבען פון מיין שטוהל. מיינט איהר, אַז איך זיין דאָ פּותר צו זיין רעטענישען? אָדער וואַרט איהר, ביז דער ריכטיגער רינג וועט עפענען דאָס מויל און אָנהויבען צו רעדען? דאָך האַלט! איך האָב געהערט, דאָס דער עכטער רינג האָט די וואונדערקראַפט צו מאַכען בעליעבט און אָנגענומען פאַר גאָט און פאַר מענשען. אָט דאָס מוז ענטשיידען! דען די פאַלשע רינגען וועלען דאָך דאָס ניט קאָנען! נו, וועמען האָבען צוויי פון אייך ליעב אַם מייסטען? זאָגט! איהר שווייגט? די רינגען ווירקען נור אויף אייך אַליין און ניט אויף פרעמדע? יעדערער ליעבט נור זיך אַליין אַם מייסטען? אָ, אויב אַזוי, זייט איהר אַלע דריי אָבגענאַרטע רמאים? אייערע רינגען זענען אַלע דריי ניט עכט. דער עכטער רינג איז אודאי פערלאָרען געגאַנגען. כדי אייך ניט מצער צו זיין מיט דער אבדה און זי ממלא צו זיין, האָט דער פאָטער געלאָזען מאַכען די דאָזיגע דריי שטאַט דעם איינעם".

„און אַזוי, — האָט דער ריכטער ווייטער געזאָגט, — אויב איהר ווילט ניט מיין עצה, טאָ געהט אייך! מיין עצה אָבער איז די: איהר זאָלט נעהמען די זאַך אַזוי, ווי זי איז. אויב יעדער פון אייך האָט דעם רינג פון דעם פאָטער, דאַן זאָל יעדערער זיכער גלויבען, אַז זיין רינג איז דער עכטער. — עס איז מעגליך, דאָס דער פאָטער האָט שוין מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען די הערשאַפט פון איין רינג אין זיין הויז! און געוויס איז, דאָס ער האָט אייך אַלע דריי געליעבט און גלייך געליעבט, דען ער האָט ניט געוואָלט מצער זיין צוויי פון אייך, כדי צו טהון צו־ליעב איינעמען. נו, גוט! סט רעט זיך יערערער נאָכצוטהון זיין ליעב־שאַפט, וועלכע איז געווען ריין און פריי! סטאַרעט זיך יעדערער צו בעווייזען די קראַפט פון דעם שטיין אין זיין רינג! קומט דער דאָזיגער קראַפט צו הילף מיט ליעבע, מיט אחדות, מיט מעשים טובים און אמת׳ער פרומקייט! און אויב עס וועלען זיך אַרויסווייזען די כחות פון די שטיינער ביי אייערע קינדס־קינדס־קינדער, דאַן לאַד איך זיי איבער טויזענדע טויזענדע יאָהרען אַרום ווידער איין פאַר דעם דאָזיגען שטוהל. דאַן וועט זיצען אויף דעם דאָזיגען שטוהל אַ קלוגערער מאַן און רעדען. געהט! — אַזוי האָט געזאָגט דער ענו׳דיגער ריכטער".

אין דעם דאָזיגען טהייל פון דעם משל ליגט דער גאַנצער קערן, דער עיקר רעיון פון לעסינגס ווערק. די אמונה מוז דעם מענשען ער־הויבען, איידלען, „מאַכען בעליעבט פאַר גאָט און פאַר מענשען", אויס־וואָרצלען זיין יצר־הרע און איינפלאַנצען אין איהם ליעבע, פריינד־שאַפט, רחמנות און אַלעס גוטע און הייליגע. די אמונה האָט נור אַזוי פיעל ווערטה, ווי ווייט זי ערדריקט אין דעם מענשען אַלעס נידריגע און שענדליכע און מאַכט איהם בּאַרמהערציג, פריינדליך און גוט צו אַלע מענשען אויף דער וועלט. אָט דאָס איז די געהיימע קראַפט פון דער אמונה, דערצו אַליין מוז יע ער בעל אמונה שטרעבען, דערצו אַליין איז זי נענעבען געוואָרען דעם מענשען!

---

## טעכנישע אנטווארטען.

— נו׳ 3746.

די פראַגע, ווי אַזוי ארויסצוציהען מאַגנעטיזם פון די מעכאַניזמען אין א זייגער, איז עד היום נאָך ניט אין גאַנצען פערענטפערט. דאס בעסטע מיטעל, וואָס ווערט אנגעווענדט פון פיעל זייגערמאַכער, איז דאָס דאָזיגע: מען נעמט ארויס די אנגעמאַגניטעטע (וואָס האבען זיך אָנגעצויגען מיט מאַגניט) שטאָהלערנע טהיילען, ווי דעם אַנקער, פעדער, רעדליך וכדומה, מען גליהט זיי דורך און דערנאָך מוז מען זיי נאָך אַמאָל האַרטעווען. דאָס העלפט אָפט. קויפט זיך דאס ביכיל פון *Мюзеръ. Часовое мастерство.* עס קאָסט 1 רו״ב 50 קאָפּ.

— נו׳ 4301.

מיר קענען אייך ראָטהען די דאָזיגע פּראַקטישע ביכליך, וואו איהר וועט געפינען איין אויספיהרליכע בעשרייבונג פון דעם, וואָס׳ אייך אינטע־רעסירט:

*Смирновъ. Какъ дѣлается мыло.* — 30 קאָפּ.

*Финевъ. Практическій мыловаръ* 1 רוב. 50 קאָפּ.

ה. פּ. רישקאַנאָווקאַ.

פרעגט אָן ביי דער פירמע ווינער, למשל. קיין קיעוו. די אַדרעסע: מאַגאַזין פון נייה־מאַשינען. קיעוו, קרעשטשאַטיק. אָדער אין וואַרשא, וויערוס־באָווא.

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Redacteur M. Berkowicz. Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau

# נ ד ב ו ת.

(דורך דער אדמיניסטראציאן „דער יוד" קראקוי).

## פיר דעם יודישען נאציאנאל־פאנד:

ק׳ ר׳

נאסף ע"י מר גרשון לעווין בין אגודות ציוניות בלאייעוו — 9
ה׳ דוד פיקעלני לאות ברכה למרת שרה זאקהיים לחתונה 50 —
ה׳ יוסף דובער פאצאווסקי 37 —
נאסף ע"י ה׳ שבתי מיטעלמאן על סעודת ב"מ בכפר גראדזעשטי — 2
ה׳ ל׳ פערקאל בעלותו לתירה בכפר ניספארעני — 1
„ פרץ וואלפענפעלד 50 —
על חתונת ה׳ יוסף הלל ערפערט נדבו ע"י ה"ה שליצאן ויעלינסאהן: החתן והכלה 2 ר׳, אבי החתן יל׳ יעלינסאהן, שליצאן, האחים יע־לינסאהן, ודינה רחל יעלינסאהן כ"א 50 ק׳. — 5
חברי האגודה הציוניות בוואלסק ה"ה רייגעס, פיינבערג, שפירא, סלאווין, אייזענבערג, דווידזאהן, מאדעל, שיין, באלאטנא, עלקין, הון, קליאצקא, סנעפער, קליינגאלד וראבסקע לאות ברכה למרת ח"פ סלאווין וה׳ אייזענבערג לאירושיהם 18 9
ה׳ מ. מלמד אסף על חתונת ה׳ סילמאן 50 1
ה׳ יעקב כץ, גלאדאס 18 —
חברי „גם ציונה" בהתאספם יחד אל משתה הנשואין של ה׳ אברהם קלאווער. 45 2
ה"ה עוריאל נעליבמער ומרדכי בעבער לאות ברכה לה׳ עוריאל פערל ומ׳ חנה וויינבערג לכלולותיהם — 1

32.68

בס"ה 406.81 ר׳; 26.55 קראנען

## פיר באברויסקער נשרפים:

ה׳ ז. הערמאן לאות ברכה לה׳ אלטער ליפשיץ לחתונתו ולה׳ בנימין דאוויקאוויץ לחתונתו 2 ר׳.

בס"ה 56.95 ר׳.

# בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן.

נ׳ 4510 — הובאסארי: מיט דער פראגע ביטע זיך צו ווענדען צום אנענט אין קישינעוו.

ה׳ מ. א. בערעזינא: די נומערן 14—15 האט מען אייך צור צייט געשיקט; די נומערן וועלכע איהר פערנט אן, אויסער נו׳ 36 זענען דא. דער פרייז פון איינצעלנע נומערן איז אנגעגעבען אין יעדען בלאט.

נ׳ 3042 — לאדז: די איבריגע נומערן פון יאהר 1899 אויסער 1,2,3 געפינען זיך.

נ׳ 5904 — אדעסא און נ׳ 1696 — מינסק: די נומערן 6,7 פון היינטיגס יאהר פעהלען.

פר. ס. ט. — טולצין: פיר ענדערן די אדרעסע קומט 20 ק׳.
נ׳ 2685 — טעלערואני: 40 קא"פ.

ה׳ מ. ד.: די ביכליך האט מען אייך געשיקט צוזאמען מיט די בלעטער; איהר האט צוצושיקען נאך 50 ק׳.

נ׳ 2501 — בריטשאני: איהר זייט גערעכט, ער מוז דאס מיינען אויף איבער א יאהר ווייל היינטיגס יאהר האט ער ניכט ארויסגעגעבען.

נ׳ 48:6 — בערדיטשעוו: דאס ערשטע העפט, „פאמיליע" און נ׳ 5 „יוד" — ביידעס צוזאמען איז דא. פרייז 50 ק׳.—

ה׳ צ. ר. — וואלאציסק: איהר אליין בערעכענט 87, אלזא פאר וואס נישט מעהר ווי 60?

# רשימת ספרים חדשים גם ישנים שנכנסו לבתי מסחר הספרים של „חברת אחיאסף", ווארשא

א) טוואהדא נו׳ 6. ב) נאלעווקי איוואנאוו־באזאר.

ק׳. ר׳.

אוצר לשון חכמים, כולל יותר משבעת אלפים אמרי חז"ל הפזורים בתלמוד בבלי וירושלמי וכו׳ מאת ק. א. פערלא 50 1
בינה בספר איוב, או שיט למלגלג, מאת מ. ש. קאזארנאוו 15 —
בירניקה, מאת שומאכער תרגום ד. פרישמאן ספור בתקופת חרבן ירושלים 70 1
גן שעשועים, לילדי ישרון עם הוספות ותקונים רבים מאת א. ראזענפעלד 90 —
ילקוט בית הספר, של משה שלום המכונה קאזארנאוו 15 —
מסלה חדשה, דרך קלה בלמוד שפ"ע מאת מ. וואלפער מב׳ 50 —
מפתח לספר מסלה חדשה 20 —
מחברות לנטית השמות הפעלים והכנוים, מאת ל. זעל־דעס שש חוברות 60 —
מחזה מול מחזה, או על הצדיקים ועל החסידים, נ. יאסנאגאראדסקי 5 —
סביב הארץ בשמונים יום, מאת זול בירן 40 —
ספר מכתבים השלם, מאת א. מ. פיורקא 10 —
ספרי ח. ז. סלאנימסקי, 1) מאמרי חכמה שלשה הלקים עם ציורים רבים רק 60 —
„ „ 2) אות זכרון לאלכנדר הומבאלד, קורות ימי הייו 20 —
„ „ 3) יסודי העבור, והוא חשבון העבור לבני ישראל רק 30 —
ספרי ר׳ יצחק בער לעווינזאהן, 1) בית יהודה, הוצאה הדשה עם תמונת המחבר ב"ח 50 1
„ „ 2) תעודה בישראל 1 —
שבט סופר השלם, מכתבים חדשים מאת א. מ. פיורקא 15 —
שבילי ארץ רוסיה, נהרותיה ונהליה ומספר יושביה וכו׳ ב"ח 40 —
שירי ציון, מאת צבי הירש יאנאטאנזאהן 50 —
שער בת רבים, על התורה כולל ביאורים אשר נלקטו מבחירי המפרשים ראשונים ואחרונים הוצ׳ שניה בהוספות רבות ה׳ חלקים 60 1
טל ילדות ללמד בנ"י ראשית דעת, מאת זאב יעבץ 20 —
דברי הימים לבני ישראל, מאת א. בן יהודה הוצ׳ חדשה 60 —
פראנק ועדתו, מאת א. קרויזהאאר 20 1
ידיעות הטבע, מאת א. בערנשטיין העתקת ד. פרישמאן 2 —
החימיה בחיי יום יום. שנים עשר מאמרים עם ציורים תרגום פ. קונטרוביץ 50 —
מכתמים וחדודים, אסף שיחות עקיצות וחדודים מאת י. ליפסקי 40 —
באסני קרילאוו, איבערזעצט אין זשארגאן דורך י. זינגער 2 טהייל 15 —
דאס שטריימעל, פון י. ל. פרץ 3 —

כל המקחים הם לבד פארטא.

Издательство „Ахіасафъ", Варшава.

Verlag „Achiasaf", Warschau.

(המשך יבא).

## די בוכבינדעריי־פאבריק פון א. קאמען

## אונטער דער פירמא „טרוד“

(ווארשא, סאלנא נ׳ 10)

וועלכע עגזיסטירט שוין זייט וויפיעל יאהרען האט זיך יעצט פערגרעסערט און בעגייט אין גאנצען מיט גוטע מאשינערייען מיט אלערליי נייע און שענע שריפטען און פראכטפאלע ארנאמענטען (פערציערונגען) — נעמט אן אלערליי בוכבינ־דער־ארבייטען, הן פיר יחידים הן פיר פערלאגער מחברים און בוכהענדלער געוועהנליכע און פראכטבענדער ווי אויך בראשיר און קאנטארביכער אין ליני־פערט אלעס גוט שנעל אין בעסטער ארדנונג און

= צו בילינע פרייזען =

די בוכבינדעריי „טרוד“ ארבייט פיר די פערלאגען „אחיאסף“ און „תושיה“ און פיר פיעלע בעריהמטע פערלעגער און בוכהענדלער.

די בוכבינדעריי „טרוד“ נעמט אן ארבייט אויך פון דער פראווינץ און ליעפערט אב פער באהן אויך פער פאסט אויף איהרע רעכנונג. 569

---

בהוצאת בית מסחר הספרים של האחים בלעטניצקי באדעסא

איז ערשיענען פון דרוק א נייע פיעל פערבעסערטע און פערמעהרטע פאלקא־מענע אויסגאבע

## קארטא פאלעסטינא פון י. י. לינעצקי

דיזע קארטא ענטהאלט: אלע שטעדט, שטעדטליך, קאלאניען, מיט אלע נייעסטע קאלאניען, טייכען, טייכליך בארץ הקדושה, א. ז. וו. די קארטא איז פראכט־פאלל געדרוקט אין 8 שענע פארבען. די גרויס איז: 1 ארשין די לענג, $^3/_4$ ארשין די ברייט. פרייז מיט פארטא 40 קאפ. לסוחרים ראבאט. וועניגער פון 5 קארטעס ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. ביז 2 רובל קען מען שיקען מיט פאסטמארקען אדרעס: 570

*Въ книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.*

---

## האנדעלס שולע מיט פענסיאנאט 487

### גאילינגען אם רהיין, באדען.

קאנצעסיאנירט פאן דעם מיניסטעריום דעס גראסהערצאגטהום באדען אונד אונ־טער אויפזיכט דערזעלבען. ערציעהונג שטרענג רעליגיעז. — פאלשטענדיגע האנדעלסבילדונג. אונטעררִיכט דער דייטשען, פראנצויזישען, ענגלישען, איטאליע־נישען אונד רוססישען שפראכע. פראכטפאללע געזונדע לאגע. בעסטע רעפערענצען.

דירעקטאר א. ראססמאן.

---

## איזראעליטישע רעאל אונד האנדעלסשולע נעבסט פענסיאנאט צו פפונגשטאדט ביי דארמשטאדט.

די שילער (פאן 8 ביז 15 יאהרען) ערהאלטען גרינדליכע וויסענשאפטליכע אויסבילדונג אונד רעליגיעזע ערציהונג. בעסטע רעפערענצען ביי הערפארראגענדען מאננערן דעם אין־אונד־אויסלאנדעס, זאוויע ביי פריהערען שילערן, די זיך אין אנגעזעהענען שטעללונגען בעפינדען.

505 נעזערעס דורך דירעקטאר ד״ר בארנאס.

---

## סדר אליהו רבא וסדר אליהו זוטא

הנודעים בשם

### תנא דבי אליהו

עפ״י כת״י רומי משנת תתל״ג

עם הוספת מאיר עין

ומבוא כולל י״ב מאמרים ומפתחות שונים

מאת

מאיר איש־שלום (פריעדמאן)

מורה בבית מדרש הרבנים בווינא.

מחירו 2,50 ר׳, עם פארטא 2,80 ר׳; 6 קראנען וע״פ 7 קר.
נדפס בתכלית היופי ומצורף לו פאקסימילע של עלי הכת״י.

המִמכר היחידי אצל:

חברת „אחיאסף“ בווארשא.

Издательство »Ахіасафъ«, Варшава.
562 Verlag „Achiasaf“, Warschau.

---

## ביכהאנדלונג און ביבלאטהעק „איזראעליט“ אין ווילנא

רודניצקער שטר., הייז ספירא.

פון אלע מינים ביכער אין פער־שיעדענע שפראכען מעטהאדען און לעהרביכער ספרי דרוש מחקר ומדע, מליצה ושיר חנוך ולמוד אויך ספרי רומעל פון ווילנער און פרעמדע דרוקען און אלע ארטיקלען וועלכע געהערען צו א יודישע בוכהאנדלונג ווי טליתים, ציצית, תפלין, בילדער, וואונש־קארטען א. ז. וו. 563

ציוניסטישע פעראיינען, מלמדים לעהרער און בוכהענדלער בע־קומען א גרויסען ראבאט. די בוכ־האנדלונג קויפט אויך אלטע בי־כער און בייט אויס לויט פערלאנג. צו יעדער בעשטעלונג ווערט גע־פאדערט האנדגעלד $10\%$ פון ווערטה. אדרעס פון בוכהענדלער.

*Соломону Функу Книжный маг. „Израелитъ“ Вильна, Рудницкая ул. д. Шапиро.*

---

יעדער וועלכער וויל בעקומען פרישע שמאקהאפטע היימישע מיטאגען צו מעסיגע פרייזען קען עס בעקומען ביי

## י. ה. פאזשעס, ווארשא

דזיקא 11, וו. 13 1־טער שטאק.

---

## !! מעבלירטע צימער !!

מוסטערהאפט זויבער און בעקוועם איינ־געארדענט, אים פרייזע פון 50, 60, 75, 90, 1,25, 1,50 ביז 2 רו״כ א טאג. באדע־צימער (וואננעס), גאז־בעלייכטונג. רעעלע בעהאנדלונג און פינקטליכע בעדיענונג. מיטטאגע פרישע און שמאקהאפטע פון 35 קאפ. אן סאמאווארען א 10 קאפ.

ה. דווארעצקי, סט.־יערסקא נ׳ 34.

Меблированныя омнаты
Х. М. Дворецкаго, Варшава
388 Св. Георгія 34

---




---

## הלכה למעשה

אלמד (פערזענליך) את הבוכהאל־טונג הכפולה וחשבונות המסחר לכל פרטיהם בשכר מצער. גם נערים בני 15 שנה יוכלו לקנות אצלי ידיעה שלמה בזמן קצר. 655

*Павья 7 кв. 2. Бухфиреръ.*

(במעוני ימצאוני משעה 3 עד 6 ביום)

---

עס איז דורך מיר ערשיענען מיט די ערלויבניש פון דער צענזור איין ביך אונטער דעם נאמען:

## „מיטעלען צום לעבען“

אויס וועלכען מען קען לערנען צו מאכען 48 הערמישע ארטיקעלן.

איך אנטווארטע אויף פראגעס, שי־קע ראהען מאטעריאל לויט פערלאנג. אונטער די ארטיקעלן ווערט גרינד־ליך ערקלערט ווי צו מאכען זייף, ברען־עהל, פאקאסט, וואַ־נענשמיר, שוה־וואַכס, לאק, גלאזור, סינקע, שפינעל־פאַבריקאַציאָן און פיעל אנ־דערע גאנגבארע ארטיקלען.

דאס בוך איז איין נייעס אין דער זשארגאנישער שפראך.

פרייז מיט פארטא 3 רובל.

559 מיין אדרעסע איז יעצט:

*И. Матузонъ, Варшава, Милая 1.*

(פערזענליך פון 4 ביז 6 נאכמיטאג).

---

עס איז ארויס פון דרוק

## א רוסיש־זשארגאנישעס ווערטערביך

*(Словарь)*

צו די ערשטע 2 טהיילען

*Русская Рѣчь I. ч. и II. ч.*
*М. Вольпера*

פרייז 1 טהייל 12 ק. מיט פארטא 16 ק., די 2 טהייל 20 ק. מיט פארטא 26 ק. מוכרי ספרים קריגען גרויסען ראבאט. צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלען, אויך ביים הערויסגעבער:

*Д. Пташкинъ, Волынская 14,*
560 *кв. 30. Варшава.*

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד !!!

אדריסתי היא רק בת ג׳ מלים:
Я. Нейдичъ Варшава.
פראספעקט ישולח חנם לכל דורש

---




פאדערט „גריפ“ מיט דעם גלאבוס.
פערהאלט יעדע פליג וועלכע ריהרט זיך נור צו. 564

צו היטען זיך פון נאכגעמאכטע!
ווער עס האט נישט אויספראבירט די אמת׳ע ענגלישע פאפיער, נעהמט די נאכגעמאכטע וועלכע סוחרים פערקוי־פען מיט א גרעסערען פערדיענסט.
רעפרעזענטאנט פאר רוסלאנד ס. ג. כאמעלעק אין ווארשא און אין סאסנאוויץ (פעטראקויער גוב׳).